# אונטערן בייטש

## אינהאלט:


האָראוואניע 9
דאָ ניט לאנג 10
רעוואָלט 12
פון א צעטראטענעם 14
א בינטל טעג 15
נאכט קארנאוואל 16
אָן זומער 17
אויף ערדישע ווייטן 18
בארג-פייערן 19
בא דער ניי-מאשין 20
דער שוימער 21
פענטעס 22
דער טאג פון גערעכטיקייט 23
צו די היטער 24
אינגלאך זיינען מיר 25
פארלאמאדאנא 26
אין א וואגאן מיט הארפאשניקעס 27
אין די דאַזיקע נעכט 28
דער עלפטער נאָוועמבער 29
אין די פאָדוואלן 30
פאַבריקן 31
אין די טיפענישן 32
קריסטמעס-בוים 33
אויסברוך 34
מינוטן אזעלכע 35

| | |
|---|---|
| שווארצע שלייערן | 36 |
| פּאַרטאגיקע | 37 |
| אויף דער שוועל | 38 |
| מארטירערטום | 40 |
| ראַפּסאדי | 41 |
| סאקא און וואנזעטי | 42 |
| דעמאקראַטיע | 43 |
| אין זאָאָלאָגישן גאָרטן | 44 |
| מיין גאס | 46 |
| לידיקגייער | 47 |
| דאָס ליד פון קאלעקטיוו | 48 |
| צעבלאָזענע פונקען | 49 |
| אָן צוריקקער | 50 |
| הייסע טעג | 51 |
| אויף וועגן | 52 |
| טויט | 53 |
| אין טראמווייי | 54 |
| צווישן הימל און ערד | 55 |
| נויאָרק | 56 |
| פרילינגס טאנץ | 59 |
| וועג גראָזן | 60 |
| פאר אונזער צוקונפט | 61 |
| אומרייינע הענט | 62 |
| צו אַ קאנאַדער קריסט | 63 |
| קאנאדע | 64 |
| טרייסט | 65 |
| מיר נייען | 66 |



דער אָנהייב האָט זיין זיג געשאַלט,
צום יאָנטעוו מעסט די טריט דער ריז,
מיט סרייפעס פלאקערט דער ארום;—
ווער קאָן עס בלייבן טויב און שטום,
מיט פענטעס אויף די הענט און פיס ?

צום אנדענקען, מיינע עלטערן,
נחום שלמה און לאה נעפאמניאשטשי

# האראוואניע

שווערע האָראוואניע,
צוגעבונדן שטארק;
אַלע מיינע יאָרן,
אויספארקויפט אין מארק.

אויף דער צייט'ס מינוטן,
אויף איר פאס און צייין,
לויף איך ווי א רעדל
און צעריים מיין זיין.

און מיין האָראוואניע,
גיסט זיך אוים געשווינד;
לעקן מיינע בלוטן
אומדאנקבארע הינט.

# דא ניט לאנג

לאָזט אָפּ אביסל דער שיגוויען
פון טאנץ אויף רייטנדיקן טאָג;
געווען בין איך ניט לאַנג אין קאָן
און האַב געהאלדזט מיין אייגן קלאָג.

איך האב געשטיקט זיך יאָרן לאנג,
מיט דעם פארבאָטענעם פאר מיר.
געריסן האָט אַ ווילדער דראנג
צום שלאַס פון מיין פארשפארטער טיר.

דאָס הארץ איז שווער פון צוים און ראָסט,
די ציין זיך בייסן אין דעם שטאָל;
די פענטעס האָבן ניט פארלאָזט
מיין שוועל פון אלטקייט און אמאל.

האַט איינמאל אויף מיין בלייכער שויב,
א שפּיל געטאָן אַ רויטער זשאר,
מיין ברוסט האָט זיך געטאָן א הויב
אן אָנזאַג: שוויג, מיין טיפער צאַר!

לאָזט אָפּ אַ ביסל דער שיגויעו
פון טאנץ אויף רייטנדיקן טאג;
געווען ניט לאנג בין איך אין קאָן
און האב געהאלדזט מיין אייגן קלאג.

# רעוואלט

נעם מיין הארץ, טו א קוש, טו א ברי, טו א ברען,
ביזט דאך רויט,
ביזט דאך שארף,
ביזט דאך זשאר,--
דיין פארנעם איבער וועלטן.
דו ביזט שטארקער פון זון,
דו ביזט שטארקער פון ליכט:
דו ביזט פלאם, מענטשלאך בלוט,--
ביזט רעוואלט !

כהאָב מיין דורשט געוואלט שטילן אין שווארץ-נאכטיקן קאָס,
כהאָב פארהוליען געוואָלט מיינע גרויזאמע טעג,
ווען טאבונען, ווי פערד,
האט געטריבן, בארג ארויף,
דער צאָרן, מיט פלאם-פייערדיקן וואוט.
כהאָב דערקאָנט,
אין דעם ליכט, אין דער בראנד,
די טרענער פון מי און פון נויט:

די הענט האראפּאשנע פון הונגער און טויט,
ווען אנטקעגן די דריי, ווי ווענט אויפגעשטעלט,
דער קלויסטער, דער טראָן און דער גאלדענער קאלב.

שלאָפט די נאכט שוין ניט מער,
נאָר צעפלייצט,
און צעקרייצט,
איבער דעם מענטשן אַקעאן,
ברויזט רעוואָלט.

נעם מיין האַרץ,
טו א קוש,
טו א ברי,
טו א ברען.
ביזט דאך שטארקער פון זון,
ביזט דאך רויטער פון זשאר,
און שארפער פון שווערד,
און פלינקער פון בליץ

איך גיי מיט דיר,
כבין דיר טריי,
נעם באפריי!

## פון א צעטראטענעם

נאַט וואַרגט זיך בעסטיעס,
מער קאָן איך אייך ניט געבן
צעקרומט, צעלאַמט מיין אויסגעשפיגן לעבן.

מיט יעדן ביס, וואס דארף די צונג באטאמען,
וועט מיין האס,
אייערע טעג פארסאמען.

פון יעדער וואנט, וואס איר וועט רייך באוואוינען,
וועט אייך מיט שרעק,
מיין שאטן שווארץ באקריינען.

און איבער אייך, איר זאטע,
פארשיקערטע, מיט בייכער פולע,
ווי דער וואולקאן, וועט פאכען ווילד מיין קלאָלע.

## א בינטל טעג

א בינטל טעג אויף מיינע פּלייצעס הייגגען,
צעבראָכענע, צעריסענע, צעשניטן,
אויף גאסנדיקע רינשטאָקן זיי ברייגגען
די רענדלאך אויף די פּאטשערקעס פארביטן

פאַר יעדן זיך אוועקשטעלן און זינגען,
ווי בלינדער אויף די מערק, מיט קראנקער שטימע,
און טעצל מיט די לויבגעזאנגען קלינגען,
קעדיי אביסל מיטלייד צו געפינען.

דעם אינערלאכן ווייטיק טיף באגראָבן,
מיט פעדערן זיך פוצן, אַלאַ מאָדערנער,
די שמייכלען די איראנישע דא קלייבן,
און שמייסן זיך אליין מיט שארפע דערנער.

אַראפּ די מאסקע פון מיין אייגן פּאָנים,
גענוג געבעטלט אויף אייגענעם בייז-וואונדער,
מיין אינערלאַכער קאָל וועט ניט פארשטומען,
איך קאָן שוין מער ניט זינגען ווי דער בלינדער.

# נאכט קארנאוואל

אין יאם פון לױפנדיקע ליכט,
אין גלעקער פלאם, אין נאכט געברויז,
אויף טויזנט שטיקער-שרעק מיין הארץ,
ווען וואן קושט ווילד מיין לעבן אוים.

אויף טויזנט פענצטער גלאנץ - געשארף,
פאנטאסטיש טיפערן מיין מויאך,
אין נעכט פון טשאד, אין טעג פון בלוט,
ווען לעבן איז בלויז קנוילן רויך.

צעשטויב אויף שטיינערדיקע שטעט,
מיט פאנצער - קלעפ די קראַפט פון ריז,
דער אומרו פון עלעקטרא וועלט,
דער גרין זיגזאַגישער קאפריז.

אין מיטן גאס אנטבלויז דיין לייב,
און פייקל האס אין טאַמבורין,
דעם אויגן גלאָץ אין כאַלאָל שיק
און פרעג בא קיינעם ניט דעם זין.

## אן זומער

מ׳זאגט מיר ס׳וועט היי־יאר קיין זומער ניט זיין,
די זון האבן אייזיקע וואלקנס פאַרשטעלט,
עס וויקלען אין טרויער די שאָען זיך איין,
דער נאקעטער בוים שטייט אנטקעגן און שעלט.

צעלייג איך א פייער, פאַרברען מיינע טעג,
און עס ווערט אויפן הארצן אזויווארעם און גרינג;
עס קנאקן די שייטלאך אזוי אויפגערעגט,
עס קלינגען די שויבן; איך פריי זיך און זינג.

וועט זומער ניט קומען מיט זוניקער שיין ?
דאס יאכיקע לעבן עס שעפט זיך ניט אוים:
מיר מאכן אי׳ם ווינטער אַ זומער אַליין,
צעצינדן א פלאקער אויף ערדישער גרוים.

# אויף ערדישע וועטן

געזאָטלט וואָלט איך מיינע פערד,
דאס רויטע טיכל אויפן נאקן,
געלאזט זיך איבער גאָרער ערד
און זאָל די זון נאך הייסער באקן.

מיט וויאָרסטן טויזנט אונטער זיך,
און איבער וועלט מיט שארפע קאמען;
מיט ווינטן טאנצנדיקע ארום,
דעם שווערן אפפאל אויסצוראַמען.

געזייט אויף שטרעקעס רעכטס און לינקס,
אונטער די רויטע רעגנס שלאקסן; —
זאָל נייער דאָר, ווי ווייץ געדיכט,
צום טראָץ די שווארצע סאָנים וואַקסן.

דער שניט וועט קומען פרי צי שפעט,
און זאָל די זון נאך הייסער באקן;
איך וועל זיך לאזן אויף די פערד,
מיט רויטן טיכל אויף מיין נאקן.

## באַרג פּייערן

שטאַרקער פלאַם, עס קנאַקט און ברענט,
שייטלאַך האַלץ אין יונגע הענט.
באַרג אַרויף, באַם וואַלדישן זוים,
רויט ווי פייער יעדער בוים.

קינדער זיצן אין אַ ראָד,
ווייט פון טומלדיקער שטאָט;
פונקען פלי, ווי רויטער בליט,
יונגער דאָר טאַנצט אין דער מיט.

און פון בלויען זייד צעהעלט,
שווימט אַרום די קינדער וועלט.
שטאַרקער פלאַם ווערט ווילד און גרויס,
„ברענען מיר די שאָטנס אויס!“

און דער וואַלד צעטומלט ווערט;
האָט אַזוינס נאָך ניט געהערט.
קלינגען עכאָס פון זיין שוים:
„ברענען מיר די שאַטנס אויס!“

## בא דער ניי-מאשין

שטעפּ מאַשינע, װעלטן װײַטע,
ראָד און רעדל יאָרן דרייען,
ס'איז דער רוקן שוין הארבאטע,
שרייט מאשינע: נייען, נייען . . .

רויט דער קאָפּ, אין בלוט פארטרונקען,
נאָך דעם הארבסטיקן פארגייען;
לייב און לעבן איז פארזונקען
אין די רעדער, אין דעם נייען.

שווארץ דאס טוך, און ווייס די פינגער,
יארן פיינלאכע פארגייען;
און עס ווערט ניט מיד דער זינגער,
באם מאשין פון לאנגן נייען.

שטום די וועלט, אין נאכט באהאלטן,
שטערן קומען און פארגייען;
אין אַ צימער אין א קאַלטן,
גויסעסט ווער באם ראָד, באם נייען.

## דער שוימער

באַ טראַג-מאַשין פֿון ניט דערבויטן הויז,
אויף שטיקער האָלץ, מיט בערגלאַך זאַמד און שטיין,
דער שאַרפֿער פֿראָסט צעשקאַליעט זיינע ציין,
פֿאַרוואָגלט זיצט דער שוימער נאָך אַליין.

לאַמטערן שפּרייט דעם קילן שיין אויף ערד,
צוויי קעץ—פֿייַער אויגן, דימענט גרינער פֿלאַם;
די שפּעטע שאָ אויף נאַכט הייננט וואַגיק שווער,
די רויע ווינטן יאָגן זיך פֿון יאַם.

די שפּעטע נאַכט אין גרויקייט איז פֿאַרטיפֿט,
דער רויש אַנטלויפֿט מיט אים, ווי פֿון הונט דער ביל;
עס שאַרן זיך די פֿיס פֿון שוימער שטיל,
אויף דעם אַספֿאַלט בלויז שטיפֿט אַ שטיק פּאַפּיר.

# פענטעס

ריגלען אויף די טירן,
שלעסער אויף דעם מויל:
וואו וועסטו מיך פירן
פון דעם אנגסט און גרויל ?

אויף מאראלע הויכן,
טראָנט דער בייזער שעד;
וואו מיין אויג קאן גרייכן,
לאכט ארויס די זעט.

שוימרים בא דעם טויער:
היטער פון געדאנק;--
און א פענטע לויערט
אויף מיין לעבנס גאנג.

## דער טאג פון גערעכטיקייט

( צו די מאכטהאבער )

פארשליסט די טירן פעסטער,
פארמויערט אלע לעכער.
דאס ווויי-געשריי צערייסן . . .
צעריסן קלינגט דאס העכער.

ניטא קיין קראפט זאל צאמען,
ניטא קיין מוט צו לינדערן.
די מוירע וואקסט אלץ טיפער,
דאך שארפער ווערט דער שינדער.

אין קאָס פון פרייד און וואוילטאג,
אויף אלע ליכט קרישטאלן,
איין מאָנער און איין שטראפער,
א טויט גלאנץ אויף די שטולן.

עס האט א יאַם פון טרערן
געזאמלט זיך פון יארן;
פארמויערט אלע פענצטער,
אייך טרעפן וועט זיין צארן.

# צו די היטער

דאס רויטע געוויין פון מיין בלוט
שפּארט ארויף מיט צאָרן.
פון צענדליק פארלאָרענע יאָרן,
צווישן די ווילדע הוליאנקעס פון פעטע מאגנאטן.

וואס היט איר, מושטירטע סאלדאטן
מיט הערצער, וואס קלאפּן זיך בייז ?
מיין בלוט און מיין שווייס,
איך ווייס !
פאַר זאטע הולטאיעס.

שפּילט שטארקער אויף מעש מוזיקאַנטן,
דעם הימן פון קעניג און גלויבן —
פאר די וואס זיי זיצן פון אויבן,
פאר די וואס זיי רויבן,
און שמייסן און טרייבן די שקלאפן; און רויבן,
און זויגן דאס בלוט ווי די טרויבן.

ניין, ניין, ס׳איז אומעגלאך פארטויבן
דאס רויטע געוויין פון דעם בלוט;
דאס געוויין פון שקלאפּישע יאָרן,
וואס רייסט זיך מיט ברויזנדיקן צאָרן.

# אינגלאך זיינען מיר

מיר זיינען אינגלאך, מיט גרויסע שקאָצערייען,
וואס גלויבן נאר אין ברענענדיקער טאט.
איר קאנט דאך אונז מיט ווערטער ניט פארשרייען,
וואו שעקער הערשט, דארט קעניגט אויך פאראט.

מיר גלויבן ניט אין זיטלאכקייט און מידעס,
מיר זיינען ווילד ווי די טאבונען פערד.
וואס טויגן אונז די צוגעזאגטע סידעס,
ווען אונטער אונז ברענט קאמף אויף גאָרער ערד.

דערצויגן האבן אונז די ווילדע שטורעמס;
די צאל פון אונז — ווי שטערן און ווי שטויב;
מיר האבן בלויז — ווי אייזן שטארקע ארימס,
מיר ווערן זיך פון אייך ניט זיין בארויבט.

מיר זיינען אינגלאך, מיט גרויסע שקאָצערייען,
איר זאטע הערן פון פרילקייט און פון רויב;
דער ווילדער קאמף פון ארבעטס פעסטע רייען,
פארבלאזן וועט פון ערד אייך, ווי דעם שטויב.

# פארלאמאדאנא

( נאך איטאליעניש )

כ'האב אַ גאנצן טאג געשטורעמט
איבער גאר דער וועלט;
ס'האט זיך אינערלאך געפורעמט,
נאכדעם זיך צעהעלט.

ווי דער ווין ביז שפּונט צערייצטער,
שפּילט אין פאס מיט פרייד.
אויף מיין לעבנס וועג צעקרייצטן,
שיקער איך ביז שפּעט.

ניכטער זיין, פּאַרלאמאדאָנא,
טרינק ביז לעצטן טראָפּ:
בלויז איין לעבן איז פאַראנען,
שפּרינגט עס אין גאלאָפּ . . .

שרעקן ווייטע סילועטן
און ארום זיך העלט,
טרינק איך נאך, פּאַרלאמאדאָנא,
שיקער אן מיין וועלט.

## אין א וואגאן מיט האראפאשניקעס

איך פיל זיך מיט אייך היימיש,
מיט אייך טייל איך מיין גורל;
פארטאג מיט שלאף אויף ברעמען,
אין קאר — באם שוואכן ליכט.

מיר וואָגלען אויף די רעלסן,
מיט ציטער פון די רעדער,
מיט נאגעניש אין הארצן,
מיט קעלט פון וואך אין זיך.

די פראסטע ארימע קליידער,
מיט קאלך און ליים פארשמירטע,
מיט ווערטער אפגעהאקטע:
„גוט מארנינג“— און ניט מער.

עס קאכט אין אונז דער צארן,
פאר א הונגער-לוין צו שמאכטן;—
דאך הייגגען אויף די מיילער,
די זיגלען אזוי שווער.

# אין די דאזיקע נעכט

די נאכט טראגט א זילבערנעם האָרן אין קאפּ,
די פליגל נאך שווארצער פון ראבן,
זיך שפּרייטן עלעקטרישע שילדן ארום,
אויף טורעמס, אויף שויבן און דאַכן.

און מיסטישע שאטנס באלייטן די נאכט,
פאקעלן מיט שווארץ - בלאָע פלאמען;
די נאכט טראגט באהאלטן פון מענטשלאכן אויג,
די שווערד מיט דער ליבע צוזאמען.

עראָטישע טעמפּלען זיי שטייען געפּאקט
מיט זנוס נאך פון אוראלטע געטער;
עס ווארפן זיך דורשטיק — צום קאָס פון געטס
די זארגלאזע, רייכע און פעטע.

די נאכט הערט די פרייד, אויך דעם בלוטיקן זיפץ,
פארצווייפלטע קלאָלעס פון קעלערס;
פארשקלאפטע פארטרינקען דאס לעצטע פון זיך,
פארברענען די יארן וואס שנעלער.

די נאכט טראגט א זילבערנעם האָרן אין קאפּ,
אויך טראגט זי אן אנזאג באהאלטן,
די שווערד מיט דער ליבע זיי גיסן זיך אויס,
אין פלאמיקע, ווילדע רעוואלטן

## דער עלפטער נאוועמבער

(א ר מ ס ט ע ר ס)

דער לעצטער פויקן קלאַפּ,
דער לעצטער טראָמפּייטן רוף, דער לעצטער שאָס,
און לעצטער זיי געזונט;
דאך בליצט נאך העל דער וואקכאנאליער טאנץ
און ניט פאַרהיילט בלייבט די מילכאָמע וואונד.

אין מיטן שטאט, באם רייכן מאנומענט פון די געפאלענע,
דאס זאַטע בירגערטום, צעהיינגט די רויטע קרענץ;
מ׳האט, אומפארשעמט, די פליכט שוין אפגעטאן.

דער פריסטער פריידיקט שטיל,
גאטס ווילן, פאר קעניג און פאטערלאנד,
פאר גרויסער גלאָריע.

דאך שרייט ארויס דאס רויטע בלוט,
מיט ווערטער פלאמיקע: פ א ר ע ט ע ר !
די אלטע מאמע שטייט און בייסט די ליפּן איין,—
דער אלטער טאטע ביילט די פויסטן אזוי פעסט;—
געבויגן האלט דעם קאפּ די שוועסטער;
און אומפארשעמט שפּילט הויך די גלאָריע דער אָרקעסטער.

# אין די פּאדוואלן

צווישן אייך, אין איינגשאפּט פון פּאדוואלן,
וואו ליכט איז קנאפּ; און פינצטערניש א יאם,
אין שיפן כוישעך ווער איך ניט פאַרפאלן
און טרינק מיט אייך פון לוגל אוים דעם סאם.

ווען איר אליין באווארפט מיך אפט מיט סינע,
און שפּרייט א שרעק אויף מיינע קארגע טעג,
איז דאך מיר גוט בא אייך זיך צו געפינען,
און טרעטן פעסט מיט אייך אויף נייעם וועג.

אין אייער שטוב מיט שפּינוועבס אויסגעהאנגען,
און ליכט איז קנאפּ; און פינצטערניש א יאם,
דאך קלאַפּט מיין הארץ מיט אייערע פארלאנגען,
צו לאזן זיך אין קאמף מיט יעדן טראן.

# פאבריקן

זיך האבן צערעוועט פארטאָג די פאבריקן,
עס ציען זיך שווארצע שעריינגעס אָן צאָל,
מיט הערצער פון צארן און פינצטערע בליקן,
די שקלאפן צום שייטער פון בלוטיקן טאָל.

עס לויפן די רעדער, עס קלאגן די פאסן,
עס שלינגען די רערן דעם ארבעטערס פלייס;
און טיף אין די הערצער א בלוטיקער האסן,
א מעכטיקער שטורעם דעם גלייכגילט צערייסט.

ווי לאנג פאַכט און עגבערט מיט ווי דער געוויסן,
פאר הונגער-לוין שמאכטן, פאר הערשנדיק גליק.
די אויוונס, די מיילער די רויטע צעשליסן,
עס קאכט און עס הודעט פארטאָג אין פאבריק.

עס לויפן די רעדער, עס שוועבן די פאסן,
דאס דולדן דאס לאנגע איז קראנק און צעפוילט;
עס עגבערט און האמערט א אינערלאך האסן,
עס רופט שוין צו אויפשטאנד, עס רופט צו רעוואָלט.

# אין די טיפעניש ן

עס ווילט זיך אמאל אויפשטיין אזוי פרי,
א מעסטאָן מיט די אויגן ברייט דעם שעטאַך,
א וויג טאָן מיט דעם האמער אין דער הויך,
צעברעכן אלע אָפּגעטער און געטער.

א הוליע טאן א מוטיקער מיט קראפט,
אשפרייט טאן ברייט די פאָן, די בלוטיק רויטע:—
אינאיינעם מיט פארפייניקטן האמוין,
צעפינקלען אלע גאסן די פארגרויטע.

מיט רומפל און מיט קלאנג, פון פויק און פלייט,
פארפאנצערן די ברוסט מיט שטאָל און אייזן:
באפרייען פון די טורמעס קינד און קייט,
די פענטעס פראָלעטארישע צערייסן.

עס ווילט זיך אמאל אויפשטיין אזוי פרי,
א מעסט טאָן מיט די אויגן ברייט דעם שעטאַך,
א וויג טאן מיטן האמער אין דער הויך,
צעברעכן אלע אפגעטער און געטער.

# קריסטמעס בוים

באצירט מיט ליכט און ארנאמענט,
ז׳דער סימבאל בוים פון נאדל-גרין.
דאס מיידל האט געבוירן גאט,
אין שאטן פון זיין באלדאכין.

צוויי טויזנט יאר זינט קריסטעס פוס
באטראטן האט ביים-לעבעמס ערד,
ניט מיד געווארן איז די האנט,
ניט שטומפיק איז מילכאָמע שווערד.

די רייכע ארגיע האלט נאָך אָן,
אין פרומען מאנטל איינגעוויגט;
דער אָרימאן אין שיקזאל גלויבט,
דאס פרייעווארט ווערט אונטערדריקט.

דאך איז א וואונדער פארט געשען:
פון פראסטע הארעפאשנע הענט,
רעוואָלט האט זיך אויף ערד צעהעלט,
דער אלטער גלויבן ווערט פארברענט.

# אויסברוך

איך גלויב ניט אז ס'וועט שטענדיק אזוי זיין,
אין ווייערע זאטע שווייגנדיקע ווינקלען,
דער קאָס זאל שפּילן מיט זיין רויטן ווייַן,
פאַרפירעריש און פרום צום הימל פינקלען.

עס קאָן דאס האַרץ פון גופיק-זאטע פרייד
זיך העכער פון די ברעקלאך ניט דערהויבן,
און האַנט און האַנט זאל זיין צונויפגעלייגט,
די אומרו-צייט וועט קיינמאל ניט דערלויבן.

א בראַך טאָן וועט א האַנט די שויב מיט ברויז,
דער גלייכגילט וועט דערשרעקן זיך פון יאָרן;
און אונטערצינדן די ווינקלען פון דעם הויז,
וועט אויפגערעגט מיין פייערדיקער צאָרן.

# מינוטן אזעלכע

דו האלסט מיך פעסט אין קלעם פון דיינע נעגל,
איך צאפל זיך פון דיינע ווייבע רייד;
דיין מויל שפרייט גיפט איבער מיין קראנקן קערפער,
דיין יעדעס וואָרט צום קייווער מיך באלייט.

דיין מיטלייד איז א וואָרם אין אן עפל,
וואס עגבערט טיף און קושט דאס לעבן אוים;
דו שפילסט זיך מיט מיין וואונדיקער נעשאָמע,
א טויטן, פון דעם טויט, רייסטו מיך אוים.

דאך שווער אזוי, איז שווער מיט דיר צעררייסן
דעם בונד, וואס האט פאַרבונדן אזוי טריי;
צווישן דיינע שארפע בלאנקע נעגל,
וועל איך דאך, בעמיילע, ווערן פריי.

# שווארצע שלייערן

כ׳האב ניט ליב די לעוואָנע
אין איר פולקייט און גרויס,
ווען זילבערנע נעצן און שלייערן ווייס,
שפּינט זי אויס אויף די בערג און זי שווימט אזוי גלאַט,
אזוי ווי אויף ווייסע פּארקעטן פון אייז.

איך האב ליב די לעוואנע
אין צעוואָלקנטן קרעפּ,
ווען זי יאגט זיך מיט צאָרן און רעגט מיין געמיט.
אין שלייערן שווארצע, אזוי ווי מיט שרעק,
צעשטורמען זיך ווינטן,
אזוי אין דער מיט.

דאן שטייט אויף מיין צאָרן
מיט ווייטיק און פלאַם;
מיר האט די לעוואָנע א בשורע געבראכט:
עס קאָכן זיך פלוצלונג די כוואליעס אין יאַם;
מיט ברויגעז און מיט אימפּעט
וועקט וועלט אויף די נאכט.

# פארטאגיקע

סאַקאָ און וואַנזעטין

מיר פּארטאַגיקע, מיט שלאָף באַקלעפּטע אויגן,
מיט פרעגדז פון צאר באהאנגענע,
ביז איבער שווארצע ראנדן.
מיט ניט געוואגטע גנייווע־טריט,
ווי וועלפיש־בלודנע צויגן,
אויף רוקנס איינגעבראָכענע, טיף פרעסנדיקע בראנדן.

מיר — וואס מער ווי קודלעס שווארץ,
פארמאָגן נאך צוויי פויסטן,
וואס טרעפן אין די ברוסטן, ווי'ן טשאוואונענע קאָוואדלעס,
דאך שעמעוודיקע אויגן, וואס מינען זיך באם ליכטשיין,
און קאנען אזוי ליידן, און קאנען אזוי שווייגן.

מיר — וואס כאפן שטענדיק אויף
דעם ווינדיק ווילדן שטורם;
און קלאַפּן מיט מיליאָניקע צעדונערטע הייסע ברוסטן,
ווי קאנען מיר איצט רוען,
ווי קאנען מיר איצט שווייגן,
נאך רויטער נאַכט, דער בלוטיקער,
פון אווגוסט צוויי און צוואנציק ?

# אויף דער שוועל

פארצי דעם שלייף פון שטריק
ארום מיין האלז נאך איינגער,
ווי מעסער גלאנץ דיין קוק, איבער כווישעכדיקע טעג,
דיין אורטייל-ווארט צו וואס פארציען לייגגער,
אין טויטן וועלק מיין אומגעמערקטער וועג.

געפעלשטע טריט מיין אומזינס ווייטער מעסטן,
צווישן הויך פון קאלט גראניטע ווענט,
צעטראטן ליגט דער גורל פון דעם בעסטן,
דאס שענסטע הארץ אין אייערע מערדער הענט.

דאס לאנגעווארטן אויף וואונדער, אויף די פרומע,
מיין מידבאָר-דורשט שרומפט הויט אויף נעלן ביין;
און צוגעפרעסט מיט שטומקייט צונג צום גומען
און אויסגעשקאליעט הונגערדיקע ציין.

און עפשער איז דאס בלויז א וואונדער כאָלעם,
וואס טוט א בליץ און לאזט זיך ניט אין שפאַן;
ווי קאן מיין הארץ מיט אייך איצט שליסן שאָלעם;
אָט הער איך שוין דעם רויש פון אוראגאן.

פארצי דעם שלייף אין הארצן—זינגט דאס קומען,
און אפגעמעקטע ווערן אלע נעכט:
דאס שטאַרקסטע ווארט עס פורעמט זיך אין גומען,
וואס וועלט און מענטש האט קיינמאל ניט געהערט.

# מארטירערטום

איך האב אין דער נאכט געהערט,
ווען כוואליעס לופט האבן אויפגעכאפּט
דעם לעצטן קרעכץ פון טויטן הויז.
צוויי וואונדערשיינע לעבנס,
האט היינקער פולער, אויף עלעקטרי-טשער געזעצט
און איז דעם גרעסטן מארד באגאנגען, —
איז געפאלן שווארץ דער פארהאנג שטיל אין רויש;
האט גראטולירט די בעסטיע הויך דעם היינקער.
נאר שא!
וואס טוט זיך אונטער טויטן הויז?
א וואונדער איז געשען:
די צוויי מארטירער סאקאָ און וואנזעטי,
זיי האבן נאך דעם טויט,
באלד אויפגעלעבט צוריק: —
מיליאנען ארבעטער, מיט יובל און געזאנג,
מיט פענער רויטע,
איבער די גאסן. דער שוסטער מיטן פישער גייען פאראויס
און רעוואלט צינדט אן די הערצער פון די מאַסן!

# ראפּסאדי

לאָז אָפּ, ניט שפּיל די ראפּסאדי איצט, ניין,
עס שטייען גרייט פאַר מיר די שווארצע קארידארן.
מע פירט זיי שוין, אָט גיי איך מיט זיי מיט,
אויף יעדנס קאָפּ — א בלוטיק רויטער דאָרן.

און א פאַרוואָס האָב איך זיך צוגערוקט,
געטאַפּט די הענט, געגלעט די הויט די געלע;
איך האָב פאַר זיי, ווי פאַר הייליקע, געבוקט,
געטרונקען ליכט פון זייערע אויגן העלע.

כ'האָב זיי געפרעגט: וואָס ווילט איר, זאָגט, איך האָרך!
געצאַפּלט זיך בא זייערע מילדע בליקן;
איך האָב געהערט דעם לעצטן שווערן שאָרך,
פאַר זייער לעצטן, שרעקלאַכן דערשטיקן.

צעבראָכן האָבן לעבנס זיך דאָ צוויי,
פאַרשלאָסן האָבן ליפּן זיך ווי פרומע.
לאָז אָפּ, ניט שפּיל די ראפּסאדי מיר, ניין
די שטימע רופט נאָך בלוטיקער נעקאָמע.

# סאקא און וואנזעטי

פארפוילטע וועלט !
מיט טויזנט האסן פון די האלב דערווארגענע,
צו די וואס האבן דיך פארפעסטעט.

דער עקיפאזש צעטראגט די ליבערטי איבער די שיינע
עוועניוס:
דער סקארפיאן מיט טויזנט קעפ,
דער פריסטער אין כניפע מיצל,
הער פולער מיט די סטרייפס און שטערן;
א קלאָלע פאָכט פון אלע הארפאשנע צו דיין טראן ...
מיט שטורמס אין די הערצער,
מיט פריסטן פעסט געביילטע,
פאר אייערע לעבנס, סאקאָ און וואנזעטי.
פון מאינער שטיבל ביז טענעמענט הויז,
פון העכסטן מויער-וואנט ביז איבער אטלאנטישן יאם
צעטראגן זיך די קלאנגען:
צוויי אומשולדיקע לעבנס, צוויי אומשולדיקע לעבנס;
נאר דער עלעקטריטשער, נאך גרעסער פון די שטאטן,
ער שטייט אוןווארט;
וועט דאס געשען ?
מיליאנען הערצער קלאפן, מיליאנען הערצער ווארטן;
אויב יא:
נעקאָמע לויערט מיט אויסברוך און רעוואלט.

# דעמאקראטיע

די נאכט האלט וואך ארום דעם קאזעמאט.
אויף שלעסער פעסט פארשלאסן יעדער טויער,
און טויט און געל איז שוין פון בוך דאס בלאט
און יעדער אָס דערציילט פון פיין און טרויער.

באם ליכטל זיצט און היט דאס גרויע וואָרט,
די קאָנסטיטוציע געזאלבט ווערט ווי א קעניג;
מע לאזט ניט צו קיין שפור פון ליכט צום וואָרט,
די שווארצע קויכעס האבן זיך פאראייניקט.

און רייסט זיך דורך א בלוטיקער געשריי,
פון טיפער אנגסט פון יאך־מאן צי פון דיינקער,
ווי שאטנס היטן יעדע מענטשן ריי,
באם שייטער־הויפן גרייט דער געלער הייַנקער.

צעוויקלט היינגט די שטערנדיקע פאן
דעמאקראטיע אויף איר האט ווער געצייכנט,
דאך בלאָזט אראפּ מיט שרעק פון אויבן אָן,
אויף מענטש און הארץ, אזוי ווי א פארברעכן.

# אין זאאלאגישן גארטן

באיעס, פייגל, עלעפאנד,
טאנצן אפן עלעגאנט;
פון באגינען ביז באנאכט,
אלע שטייגן פעסט פארשפארט.

ליגט אין ווינקל, אטעמט שווער,
אויף א שטיין א שווארצער בער.
שפילט די זון אויף אים מיט גאלד,
בענקט זיך שטארק אזוי אין וואלד.

גייט דער וואלף אהין, צוריק;
פייער אין זיין טיפן בליק,—
און דער דרויסן — אזוי היים;
בענקט זיך שטארק נאך מענטשן פלייש.

און דער אדלער אלט צוויי יאר,
פרואווט זיין שווארצע פליגל־פאָר,
זיך א לאז טאן הימל ווייט;
היינגט די קייט אבער באם זייט.

און מיר מענטשן אויף דער פריי,
דריקט דער יאָך, אַזוי ווי בליי;
פריי צו זיין די לוסט איז גרויס,
לאָזט די שטייג אונז ניט אַרויס . . .

# מיין גאס

די שטאַלצע ביימער,
באַדעקט מיט ווילדע ניס און גרינע ברייטע בלעטער,
זיי קוקן אַריבער אַלע גרויע הייזער
און קאַנען יעדן שאָכן,
וואָס קומט אַרויס און גייט אַריין,
ווי אַלטע שומרים גוטמוטיקע,
וואָס קימערן זיך ניט וואָס קינדער הוליען אָדער וויינען
קינדער בלייבן קינדער,
אַזוי שאַקלען צו די ביימער מיט די קעפּ.

צוויי מאָל אַ טאָג בלויז,
צערייסט מיין האַרץ אַ שאַרפער אויסגעשריי,
די ביימער טוען זיך אַ צאַפּל
באַם אויפגאַנג פון דער זון, און פייפן פון דער פאַבריק,
ווען טויזנטער מיט ציטערדיקע הערצער,
געזעגענען זיך מיט זייערע טירן,
אין אַ ווילדער רעוועריי,
באַם רויטן אונטערגאַנג פון זון.
ווען מיט טיפן נייגער,
די ביימער בויגן אויס די קעפּ און פרעגן:
צי זיינען אַלע צוריק, פון שלאַכטפעלד-טאָג,
געקומען גאַנץ אַ היים.

# לײדיקגײער

פאר װעמען זאָל איך בױערן,
פאר װעמען שניצן ?
אז װאס צו עסן האב איך, בעמײלע, ניט,
נו, זיץ איך טאג װי נאכט אין שײנק און טרינק
דעם שלעכטן ביר, און טראכט ניט װעגן טאכלעס.

נאר מיר פארדריסט ביז בײן,
אט דרײען זיך ארום די רײכע לײדיקגײער,
מיט שמעקנדיקע האװאנישע סיגארן,
מיט פוטערס רײך געניײט,
מיט רינגען אויף די פינגער,
װאס פלאקערן פון װײטנס:
פעטע זײנען זײ,
זאטע זײנען זײ,
און זארגלאז לאכן זײ.

פאר װעמען זאל איך בױערן, פאר װעמען שניצן,
אז עסן האב איך דאָך, בעמײלע, ניט;
זיץ איך און טרינק, אין שײנק.

## דאס ליד פון קאלעקטיוו

שטאנגען זיינען אונזערע הענט,
הערצער פול מיט פייער;
גראמער בויען מיר די ווענט,
זאל די וועלט זיין פרייער.

טרינקען מיר די דורשטן אן,
פון די רויטע פעסער;
ברעכן מיר פון אלטערטום,
אלע שווערע שלעסער.

קאלעקטיוו איז פעסט דער גאנג,
ווערט דאס לעבן גראמער;
קלינגט פון ווייטן דאס געזאנג
פון דעם סערפ און האמער.

פעסטע שטאנגען — אונזערע הענט,
ארבעט ברענט ווי פייער;
גראמער בויען מיר די ווענט,
זאל די וועלט זיין פרייער.

# צעבלאזענע פונקען

צעבלאזענע פונקען אויף נאכטישע שטרעקעס,
זיי האבן געפינקלט אין כוישעך באהאלטן,
און האבן געזוכט יענע אפענע הערצער,
וואס בייגקען און שמאכטן נאך בעסערן לעבן.

פארביי זיינען ווינטן די גרינגע געפלויגן,
און האבן נאך שטארקער די פונקען צעבלאזן;
עס האבן די פונקען זיך העכער דערהויבן,
ווי ליכטיקע שטערן, ווי הערישער פלאקער.

און ווער ס'האט געזוכט האט א זינען געפונען,
און ווער ס'האט געביינקט האט א טרייסט-ווארט געפונען,
און ווער ס'האט געקעמפט האט דערהויבונג געפונען.

זיך האבן צעפינקלט די פונקען אין כוישעך,
אויף ווייטע, אומענדלאכע, נאכטישע שטרעקעס.

# אן צוריקקער

איך האב נאך א נאכט פארמעקט,
נאך לאנגן טאג באטויבונג;
מיט רויטן אויסגעשטרעקט,
מיין צאר ווײנט אויף די שויבן.

און בעט מיט קני אראפ,
און האנט אין האנט פארבונדן;
ווער האט עס מיר מיין קאָפּ,
ווי א פאקל אָנגעצונדן ?

ארום האט זיך צעשיינט,
געווארן איז מיר פרייער;
דער אומעטיקער היינט,
אוועק איז מיטן פייער.

# הייסע טעג

הייסע טעג, ניטא וואו זיך באהאלטן,
דעם קורצסטן וועג צו גיין — איז אזוי שווער.
ברענען ווענט אספאלט און שטיין אויף גאסן,
שפייט די זון מיט פייער אויף דער ערד.

פייפן ווילד די שווערע טראָג-מאשינען,
דאָס שטאָל און ציגל פון ווענט געשטעלטע קרעכצט;
פארברענטע הענט און נאקנס פון די בויער,
די צונג איז טרוקן, דער גומען דורשטיק לעכצט.

עס בלאזן ווינטן, ווי מיט סאהארע זאמדן,
דער שווארצער הונט, די צונג ארויסגעשטעקט;
אויף מאמעס קני, דאס קינד ליגט ווי פארכאלעשט,
די ווייסע זון די שאטנס האט פארמעקט.

הייסע טעג, ניטא וואו זיך באהאלטן,
דאָך וואקסט דער בנין העכער פון די וואלקנס.

## אויף וועגן

מיר האבן ניט לאנג זיך באגעגנט,
ארום איז די בלויקייט נאך קיל,
און האבן מיר שוין זיך געזעגנט,
פארשוואונדן ז'דער אָטאָמאָביל.

איצט מעסטן מיר ביידע די ווייטן,
עס טוט עפּעס מוירעדיק באנג;
מיר מישן, ווי בלעטער, די צייטן,
און צערטלען א דינעם געדאנק.

די ווייטקייט מיט טונקעלע שויבן,
דער דראנג צו דעם מענטשלאכן כוויוו;
דער ציל פאר דער זאך מיט א גלויבן,
ער בינדט אונז נאך שטארקער צונויף.

# טויט

טויט אויף אלע טירן,—
שווארצע אלע בלומען,
וואו דו ווערסט ניט בלאנדזשען,
וואו דו ווערסט ניט קומען.

בויגסטו קאָפּ ארונטער,
לאכט דיין טויט צעקאָפּן;
ער וועט דיך צעקוועטשן,
וואו ער וועט דיך כאפּן.

נלייך נאר אוים דעם רוקן,
רייס אוועק דעם איאוש;
וועט דיין טויט זיין נישטיק
און דיין פאל הערָאיש.

# אין טראַמוויי

לויף, לויף טראַמוויי, דעריאָג מיין פרייד,
איך בין פון איר נאָך אַזוי ווייט;
אַנטקעגן האָט זיך אויסגעשפּרייט,
א נייע, וואונדערשיינע צייט.

פאַרשאַמט איז אַלץ אין מיין געביין,
מיט קראָען-זיפּץ, און שוואַרצן פּאַך;
מיין לעבן איז א קאַלטער שטיין,
ווי יעדער טאָג, קלאָגט אויס מיין בראָך.

לויף, לויף טראַמוויי, פאַראויס, פאַראויס,
דעריאָג מיין ניט דעריאָגטע פרייד;
און איך — אין ווינקל גייט באַלד אויס,
א שיינער פּאַלעם שטילערהייט.

# צווישן הימל און ערד

כ'בין שוין ווייט געווען פארגאנגען,
האב צעלאזט אויף אלע וועגן,
אלץ וואָס איז ווען אויפגעגאנגען
פון מיין אינערלאך פארמעגן.

כ'האב געמאסטן האָריזאָנטן,
האָב געשניטן מארמאָר-ווייטן;
האָב אין לענדער אומבאקאנטע,
זיך געבוקט פאר קליינינקייטן.

כ'בין שוין ווייט געווען פארגאנגען
פון מיין ווינקל, פון מיין קאלטן;
האָסטו מיך צוריק געפאנגען,
מיט דיין ביינקשאפט נאך דעם אלטן.

## נויארק

ריזיק גרויס,
ניטאַ קיין וואָרט;
דאָס וואָרט איז שוואַך,
די שוואַכים שטאַרבן אויף די ליפּן.

די מילבן האָבן שטיין אויף שטיין געלייגט,
און שטאָל צו שטאָל געבונדן,
איצט שרעקן זיי זיך אַליין פאַר דעם גיגאַנט נויאָרק.

אויף דער בראָדוויי,
מיט וואונדערלאַכן פאַרביקן עלעקטראָשפּיל,
בין איך צווישן אַלע שאָטנס
פאַרגאַפּט געגאַנגען.
טעאַטער וועלטן האָבן זיך געשאָטן מיט אָפענע טויערן,
טראַמוויין, אויטאָ-באַסעס,
און אויסגעשריי פון צייטונגס-פאַרקויפער,
פאַרמישט אין ווייסן שניי,
און צווישן זיי,
אומהיימלאַך אַ געשריי
פון היימלאָזע, פאַרביטערטע, דערשטיקטע

אויף ראגן — בייגל פארקויפער,
און איבער קעפ דער ראדיא־אפערא קאָנצערט,
בא פייערלאך די טופענדיקע פיס,
פון נאכטפעלדער;
א ביסל ווארעם ארויסצופרעסן
פון שארפן פראסט.

אין טיף און דר׳ערד,
די הארפאשנע הענט,
מיט פייערדיקע גלאווינעס דעם שטיין צערייסן;
צו קליין די סאבווייס,
צו איינג די עלעווייטערס,
און איינגער נאך די גאסן.

די שא־אויסשטעלונגען פארבלענדן,
דער רייאך פון רעסטאראנען פארכאפט דעם אטעם.
דער רייכער פוץ, דאס זארגלאזע געלעכטער,
צעקלינגט איבער די עוועניוס,
דאך קוקט ארויס, ווי א שעד,
און לאכט,
אין מיטן נאכט,
דער גרויסער ברוטאלער
דאלעס

ווער קאן עס דיך, נויארק,
דאס וואונדערלאַכע,
פון אזוי פיל שפראך און פארב,
פון אזוי פיל גוטס און בייז באזינגען,
אויב ניט דו אליין,
דו ריזיקע
נויארק.

## פרילינגס סאנעט

לעוואָנע ליגט שוין נידעריק בא דר׳ערד.
עס גלאָצט אראפּ דער שניי פון דאך און נאכט,
דער קלויסטער קוקט פארדעכטיקט און פארטראכט,
דער ווינט צעברעכט זיין לעצטע שארפע שווערד.

איז דאך ניט ווייט פון צוואנציקסטן אפּריל,
אויףביימער ציטערט נייער פרילינגס בליט.
אין יעדן יונגן אייוועך רוישט און גליט,
צעזינגען וועט זיך דאך און שויב און דיל.

ווארום זשע שוויגסטו, זאג, פארלעצטן פאך,
ווען טייכן ברעכן אויף דאס לעצטע אייז;
און וועלט אנטפּלעקט אנטקעגן זון זיך ווייס,
עס יובלען פרייגעווארענע פון יאָך.

צו צווייפלסטו אז פרילינג איז באם שוועל ?
הער די סאנעט פון פרילינגס ניי געבורט,
וואס גיסט זיך אויס פון שאפערס ברייטער זעל,
און דיינע לענדן גורט און פעסטער גורט.

# וועג גראזן

פון ק. ד. באלמאנט

שארף באם וועג, פארטריקנטע, מיט שטויב פארדעקטע גראז,
שלאפט זשע אויסגעמאטערטע, געלעבט אָן א פארוואָס;
בא וועגן רוישיק זאמדיקע, געהאפט צו צוואנג, צו מאכט,
און קיינמאל נאך דעם הייכל פון באשעפער ניט באטראכט.
מיט רעדער שווער צעטראטענע, צו פריידן ניט געשטרעבט,
אפילע מיט דערוואכונגען, דעם פרילינג ניט דערלעבט.
אט ליגט איר דא פארטרוקנטע, צעשאטענע אויף ערד,
מיט אלע גלייך צויאנטעוון וואלט ווער דען אייך געשטערט?
מיט פרייע הימלען בלוילאכע ביז רויטן האָריזאָנט,
וואלט איר, ווי אלע גליקלאכע, זיך פרייען אויך געקאנט;
שלאף-זשע גראז פארטריקנטע; מיט שטויב פארקילטער ערד,
דאס וואונדערלאכע הימלשע, אייך זען איז ניט באשערט.

## פאר אונזער צוקונפט

אויף דעם וועג דעם ריינעם,
אויף דעם וועג דעם נייעם,
נעמט ניט מיט דעם אָפּזאַץ,
נעמט ניט מיט די קלייען . . .

נעמט בלויז מיט דאס זעמל,
נעמט בלויז וואס זיך לייטערט;
און מיט קלארער העלקייט,
וועט איר ציען ווייטער.

אויף דעם וועג דעם ריינעם,
צו דעם לאנד דעם פרייען;
נעמט ניט מיט די בלאטעס,
נעמט ניט מיט די קלייען.

## אומרײנע הענט

נעמט צו די הענט, וואס זײנען פול מיט טומע,
דער גײער טראט מוז בלײבן אומבאפלעקט;
מיט שווארץ־באפלעקטע ארימע געשאמעס,
וועט איר נאר פארבלאטיקן דעם וועג.

ניט מאכט קײן שײנק פון פרײהײטס בלויען הײכל,
די צײט איז קורץ, עס האלט שוין באם שאריען;
מיט אויסגעלומטע, בלינדע, שווערע קנײכל,
צעטרעט ניט דאס וואס האלט ערשט נאך אין בליען.

נעמט צו די הענט, וואס גיפטיקעס בלויז צײכנען;
איר זײט א שטער צום נײעם, פרײען וועג;
און האלט איר אפ דעם גאנג, איז א פארברעכן,
דער נײער טראט מוז בלײבן אומבאפלעקט.

## צו א קאנאדער קריסט

דיין העפלאכקייט, קאנאדער קריסט, צו פרויען,
צוויי פינגער צו דער העט.
ניט ווילנדיק געמוזט האב איך פארטרויען
מיין פריינטשאפט צו דייןווארט וואס גלעט.

דאך האסטו מיך געמאסטן מיט אויגן פרעמד פארוואונדערט.
א בייסנדיקעס שליינגל אויף דיין ליפ,
מיין נאז האט שארף גערופן באהאלטן אין דיין הארצן
דעם אויסגעשפרייטן ווארם,
דעם זאקס-אנטיסעמיט.

געפרעגט האסטו מיך פריינטלאך,
פון וואנען, אוועלכע ווינטן דאס לאנד, אויף מיין נאציע
אויף דעם טאג און שאָ ?
מיין ענטפער איז א קורצער, מיט העפלאכקייט פארדינטע,
און דו האסט לאנג געשעפטשעט: א דזשו, געווים א דזשו...

## קאנאדע

קאנאדע, לאנד דאס יונגע,
אויף קעסט פון בלויע שטאַטן;
מיט ארבעטסלאזע מאסן,
מיט לארדן, ווי בא לייטן.

מיט זעלנער און מיט פאנען,
פאליטיקער אויף שרויפן.
לאָיאלע צו דעם קעניג,
פאר רענדלאך אלץ פארקויפן.

מיט פארלאמענט און פירשטן,
מיט פויקן און טראמפייטן;
מיט שלעסער אויף די מיילער,
מיט בירגערטום אין קייטן.

# טרויסט

די נאכט בויגט אויס איר שווארצן קאפ, ווי פעך,
לעוואָנע שניידט מיט ווייסן סערפּ אין עטער;
די צייט איז פול מיט בלוטיקן געפעכט,
לייג ניט אפּ דעם קאמף אויף וויטן שפּעטער.

די אומגעדולד ברענט אויפן שייטער שטארק,
די שרעק צעשפּרייטן ווינטן איבער זומפּן,
עס דריקט אויף ברוסט דער סוינע, ווי א בארג,
אין זיינע פויסטן האלט ער אונז געשרומפּן.

דער צארן ברענט אויף מיזראך. דאָרעם, העל,
אויך מארעוו וועט דעם צאָפן ניט פארשעמען;
עס קלאפּט דער טאג אויף שוועלן אזוי העל,
דער פרייהייטס מארגן אין קאמף וועט זיך צעברענען.

די נאכט אומרואיק שלאפט אין שווארצן פעך,
לעוואָנע שניידט זיך טיפער נאך אין עטער;
צעפלאמען וועט דער בלוטיקער געפעכט,
לייג ניט אפּ, ניט וויט איז שוין דער שפעטער.

# מיר נייען

די נויארקער קלאוקמאכער

מיר נייען, מיר נייען, בייטאג און באנאכט,
מיר רייסן אפט איבער אין מיטן,
מע טרייבט און מע יאגט מיט אן אייזערנער מאכט,
פאר וועמען די גרויסע פראפיטן.

מיר נייען, מיר נייען, מיט קלאָלע אויף צונג;
פאבריקן די גרויע ווי טפיסעס,
געשמידט צו מאשינען פון אלטע און יונג,
מיט לעבנס אויף שטיקער צעריסן.

מיר נייען פארהונגערט א וואך נאך א וואך,
און יאגן זיך ווילד אָן א זינען;
און קאנען מיר מער שוין ניט טראגן דעם יאך,
דאן שטעלן מיר אפ די מאשינען.

מיר נייען, מיר נייען, בייטאג און באנאכט,
פאר וועמען די גרויסע פראפיטן ?
עס טרייבט און עס יאגט אונז אן אייזערנע מאכט,
דאך רייסן מיר אפ אין דערמיטן.

# אקטאבער

## אינהאלט:


| | |
|---|---|
| לענין | 71 |
| דער וואונדער | 72 |
| אקטאבער | 73 |
| צו די באפרייער | 77 |
| היינט | 79 |
| מאסקווע | 80 |
| איר דארטן | 81 |
| דער בישאף בראון | 84 |
| דער מארש | 85 |
| איך בין גרייט | 87 |
| אידישע שיקסעס | 88 |
| סיוועט ווערן | 89 |
| נאך דעם שניט | 91 |
| מיר פראלעטאריער | 93 |
| וויזיעס | 94 |
| ביילקע | 95 |
| די ארימע גאס | 97 |
| אונטערן רויטן שאטן | 99 |

# לענין

צוריק די אלטע בילדער פון מיינע גרויע צייטן:
פאריז איז איינגעטונקען אין שיינקייט, אויך אין נויט.
לאטיינישע קווארטאלן, מיט רוסלאנדס עמיגראנטן,
מיט קריינקלאך טיפע צווייפלען, מיט עלנטקייט פארגרויט

דאך רייסט די לופט אן אדלער, מיט האפנונג-העל צעשפריצטע
דער יונגער לענין, מוטיק ער רופט צו טאט און וועקט;
די זאל איז א געפאקטע — סטודענטן און קורסיסטקעס,
און אלע ווערן פלוצלונג מיט קאמפס לוסט אנגעשטעקט.

פון ווערטער ווערן מאסן, פון מאסן באריקאדן;
דער סוינע, דער צאריזם, א גרוי-געפעלזטע וואנט:
„פון ארבעטער און פויערים, סאלדאטן און פון פירער,
געשמידט, ווי שטאל און אייזן, מוז ווערן איין פארבאנד.“

שוין ווייט פון יענע צייטן, דאך קלינגען לענינס ווערטער;
זיין באלעם א דערגרייכונג, באטש ער איז מער ניטא...
לאנג לעבן וועט זיין לערע, די לערע פון לעניניזם,
עס ברויזט די וועלט מיט אומרו צו דער באפרייאונגס שעה.

# דער וואונדער

וועלט-פארכאפנדיקער אימפעט,
איבער גרעניצן, יאמים ווילד-צעגאסן.
רוסלאנד, די סאוועטישע, דערוואכטע,
דיינע שימערירנדיקע אוצרעס
האסטו אויפגעשלאסן.

האט דער פלאם דער ווילדער
זיך צעטראגן איבער אזיע, אפריקע,
מיט נייעם שאפן.
אויך מיין הארץ, דיין ברענענדיקער אומרו,
האָט געטראָפן.

אַרבעט-ליבנדיקע, האָראָפּאַשנע אָרעמס,
מיט האַק און פעדער, און מיט וואָרט געערטן,
בויען ארומגערינגלט פון בלוט-דורשטיקע סאָנים,
דעם גרעסטן וואונדער פון אלע וואונדער:
די סאָוועטן.

# אקטאבער

צען יאר,
צוויי קורצע ווערטער.
דאס שארפע מעסער היינגט נאך איבער זיי,
און די ראטן זון,—
דאס פּאָנים בראט, ווי מיט נאכטיקע פאקלט פייער,
האט זיך צעגאסן,
אויף מאסקווער
זילבערדיקן שניי.

עסריידן נאך סימאָנים
פון דורכגעשאסענע ציגל-ווענט,
פון מויערן מיט פלעדערמייז צעשאָטנט,
פון צארישן רעזשים,
ווען רעוואלוציע, מיט פייערדיקע פליגל,
געפירט האט אין די שלאכטן,
די סאוועטסקע רויטע זין.

עס קלינגען נאך אין די אויערן
„בלאקס צוועלף,“ מיט טריט די פעסטע,

די יונגע רויטע ארמיע, צום קרעמעל מיט פאראד,
און לענינס וואונדערשאָטן,
מיט פלאמענדיקע ווערטער,
אויף הויכע באריקאדן:
„היט זיך פון פארראט.“

# אקטאבער טעג

די זיילן שטארקער פון גראניטן ווענט,
פול שטארקער נאך פון מארמאר.
אויף וועלטיש-בלאט, מיט בלוט
עס וועלן דיך די דוירעס,
אויף הערצער טיף פארקריצן,
ווייל דו האסט וועלט געגעבן
דיין ברויזנדיקע מוט.

דער סימבאל : סערפ און האמער,
אין הענט פון הארעפאשניק;
אין אייגן בלוט געטרונקען די פרייהייטס רויטע פאן.
און דער פארבאנד פון ראטן,
פון פארביקע נאציעס,
די ארבעטער דערהויבן
אויף רוסלאנדס העכסטן טראן.

פארציטערט אין די ווינקלען,
די וויס-ארמייער שמייכלען;

דעניקין און פּעטלוּרא דערוואַרגענע פון רויב.
צען יאָר פון די סאָוועטן,
מיט גיגאַנטישער דערגרייכונג,
פאַרטראָגן אַלע סאָנים
ווען דער שטורמדיקער שטויב.

## צו די באפרייער

די זון וואשט דאס ליכטיקע פּנים אין וואסער,
די כוואליעס זיך מינען אין פייער;
עס האבן פארטאג אויף די שטאלענע גראטעס,
געקלאפּט פעסט די הענט פון באפרייער.

עס זיינען אויף אייזערנע קייטן געהאנגען
די לעבנס פארשקלאפטע צו געצן;
און פייערלאך זון איבער בערג איז געשוואומען,
צעשאטן די שטראליקע נעצן.

עס האבן די טפיסעס, ווי שפּיזן געשטאכן;
רעוואלט האט געברויזט אין די צעלן;—
עס האבן זיך שלעסער אויף ריגלען צעריסן,
און האס האט געפלאקערט אויף שוועלן.

עס זיינען פּאלאצן, ווי נעפּלען צעשוואומען,
און טראנען, ווי שטויבן פארבלאזן;
עס שטייען די קירכעס, סאלאנען די רייכסטע,
פארוויסט און פארשעמט און פארלאזן.

און זון אזוי ליכטיק, אָן פלעקן, מיט עמעס,
מיט ליבשאפט און הייליקן פייער;
האט שטארקער די ערד נאך געגליט און דערמונטערט,
און הייסער געקושט די באפרייער.

# היינט

היינט צעקלינגט איר אַלע האמערס,
איבער שטאָל און איבער אייזן;
און געשמידט זאל זיין דער ווילן,
יעדער קלאפּ זאל וואונדער ווייזן.

עס דערטראָגן זיך די עכאָס,
פון מיליאניקע וואס שטרייטן,
אויסגעצויגן היינגען שטאנגען,
אויף א וואסער אויף א ברייטן.

היינט וועט זיין דער בריק פארענדיקט,
קלאפּן טריט אין פענטעס אייזן;
קיין צוריקקער, בראווער, מוטיק,
יעדער קלאפּ וועט וואונדער ווייזן.

היינט מיט קלינגענדיקע לידער,
ס׳וואקסט דער ווילן שטאל און אייזן;
ווי א שטורם זאל א טראג טאן,
יעדער קלאפּ וועט וואונדער ווייזן.

# מאסקווע

די רויטע מאסקווע, פעסט, מיט שטאליקן פארנעם,
געפאנצערט ביז די פיס, מיט נייע פרייע לערן.
אָקטאָבער-טעג פארקריצט זיך האבן מיט א בערן,
אויף ברייטער, גרויער וועלט געלאזט האבן זיך הערן

פון קרעמעל ביז פאריז, פון לאנדאן ביז נויארק,
דאס רויטע מאסקווע ווארט צעקלינגט, ווי שארפע גלעקער
דאָס האָראָפּאַשנע פאָלק וואָס טראָגט די לאַסט און זארג
האט אויפגעוואכט צום רוף פון נייעם רויטן וועקער.

און ער, דער אימפעריאליסט, וואס פילט זיין אונטערגאנג
ער ראנגלט זיך און וויל זיין שטאלצן קאפ ניט בויגן;
ער שמייכלט ווי א פוקס, און שיפעט ווי א שלאנג,
און שפריצט מיט גרינער גאל, דעם עמעס אין די אויגן

אויף מאסקווע שארפט די שווערד די בייזע שווארצע וועלט
די דרייסטקייט פון סאוועטן, פארכאפן ווייטע ווינקלען.
ס'האט אזיע אויפגעוואכט, און אינדיע זיך צעהעלט;
דאס רויטע מאסקווער ווארט נעמט שטארקער,
שטארקער פינקלען

# איר דארטן

( צום צענטן יאר פון דער גרינדונג פון ס.ס.ס.ר. )

און גוט איז אייך דארטן, שוין אריבערגעקומען,
געליטן, געהאפט ניט אומזיסט און געפונען;
די גלאקן זיי קלינגען באפרייאונגס ניגונים,
אויף פלאשטשאד דעם רויטן מיליאניקע שטימען.
שטאלץ גייט דאס ארבעטער פאלק
צום יאנטעוו פון גליק און דערפאלג;
אויף שטיגן פון נייער דערגרייכונג,
מיט פלויטן פון פרישער דערוואכונג.
און יונגע און אלטע, כאטש ארימע קליידער,
דאך רייך די נעשאמעס און גרינג ווי א פעדער,
א צוקונפט א ברייטע, פון דניעפר נאך ברייטער,
מיט פענימער ליכטיקע, הערצער דערפרייטע;
און ברידער פארברידערט פון אלע נאציאנען,
מיט שטורם דער גאנג אונטער פלאטער פון פאנען,
די פאנען פון רויטן, ווי בלוט,
מיט לויכטנדיקע אויגן פון מוט.

און מיר,
יא, מיר האבן דעם יאם דורכגעשניטן,
מיר הערן פון ווייטן דעם יאנטעוו צעבליטן,
מיט מיילער פארשלאָסן נאך פעסט,
אויף פלייצעס פארצווייפלונג און פרעסט.
אין קייטן נאך שווערע, די שטאטן די פרייע,
זיי ווילן ניט הערן די עמעסן נייע:

א שרעק-שאטן דער באלשעוויק,
פאר יעדן פון אונז גרייט א שטריק.

דאך רופן און מאניען די הילכיקע גלאקן,
מיר פרייען אט דא זיך מיט אייך אומדערשראקן.
כאטש גרויס איז דער סוינע — מיר קליין,
איז פול מיט א גלויבן דער פיין.

מיט אייך אויף די וועגן די איינענע טרעטן,
און בילדן אזוי ווי בא אייך די סאוועטן:
„ צום ארבעטער פאָלק נאר די מאכט “
און קאמף פון פארביטערטן שלאכט,
מיט יונגע און אלטע, כאטש אָרימע קליידער,

ברייטע די האפנונגען, גרינגע ווי פעדער,
און ברידער פארברידערט צום קריג,
ביז ענדלאכן, גליקלאכן זיג.

און גוט איז אייך דארטן, שוין איבערגעקומען,
געהאפט און געליטן ניט אומזיסט און געפונען,
אלע באפרייטע אין מארש.

# בישאפ בראון

„צען יאר אין גאנצן בין איך אלט,“
זאגט ווייך דער זיבעציקער-גרייז;
זיין פּאטריאַכיש שלאַנק-געשטאַלט,
דורכזיכטיק, קלאר, זיין ווארט איז הייס.

מיט האראפּאשניק האנט אין האנט,
מיט נייעם, העלישן געדאנק;
מיט נאָווי פון דעם רויטנלאנד,
האלט ער דעם וועג מיט שטאלצן גאנג.

ער גלויבט אין קאלעקטיוון בוי;
ער האסט דעם קלויסטער, אויך דעם פּריסט.
און אלע איבלען ווייסט-געבוי,
וואס האבן אונזער וועלט פארוויסט.

א ווארימע טרייסט טראגט אונז זיין בליק,
און מענטשלאך ריין איז זיין באשייד;
זיין רוף צום פרישן קוואל פון גליק,
פאר נייער וועלט, פאר מענטשן פרייד.

# דער מארש

מיר ברעכן און בויען,
מיר בויען און ברעכן,
דער היינט איז אונז טייער,
ווייל טויט איז דער נעכטן.

עס סווישטשען מאשינען,
עס הויבן זיך פרענטעס;
מיר בויען אויף צוויטערס
און שולן פארברענטע.

עס איז ניט קיין צופאל,
עס שטייען אויף גארבן;
און דאס וואס פארדארבן,
מוז פוילן און שטארבן.

דער ביניען — א וואונדער,
פאר קליין און פאר גרעסטן,
מיט פרייהייט און ליבשאפט
די ערד אויסצומעסטן.

פאר פעלקער, פאר ראסן,
מיר בויען און ברעכן;
דער היינט איז אונז טייער,
ווייל טויט איז דער נעכטן.

# איך בין גרייט

פויסטן קלאפּן אין די לאדן,
אין דער שווערער, שפּעטער שאָ;
שטימען קלינגען, האסט געררופן,
האסט געוועקט, מיר זיינען דא.

פרעג איך ווער איז אונזער פירער,
ווער האט עס די צייט באשטימט;
ווייזן זיי מיר אויף דעם שטורם,
אויפן רעווע פון דעם ווינט.

פראל איך אויף די טיר און פענצטער,
פינקלען אויגן פול מיט פרייד;
מיטן קאלעקטיוו פארבונדן האב מיין גורל:—
„ איך בין גרייט ! “

# אידישע שיקסעס

אידישע שיקסעס — ברוסטן ווי ברונעם,
באקן פארברענטע, ווי פלאמיקע פאנען.

שמייכלען ווי זילבערנע, לופטיקע פליטער,
רייצן זיי יאטן, די מוטיקע שניטער.

צייטיקן ווייצן אויף ערדישן דארעם,
רעגן זיך הערצער און צייטיקע ארעמס:

קרעפטיקע גלידער און ברענענדער ווילן,
שווער איז מיט פלאמען אין סטעפעס זיך שפילן.

רויט דער פארגיין און שיקסעס נאך רויטער;
ברייט איז דער סטעפ און די גלוסטונג פארשייטער.

צייטיקן ווייצן מיט שיקסעס צוזאמען;
צינדן זיך קאסעס מיט שניטער אין פלאמען.

# ס'וועט ווערן

(דער אידישער קאלאניזאציע אין סאוועטן פארבאנד)

מיר האבן אויך אריינגעפלאכטן א רויטן פאָדים,
אין צייג פון בלוט און טרערן.
אויף שפיץ פון דעם באגינען,
דאס גרויסע ווארט צעקלינגט.
ס'וועט ווערן.

צעשווימען וואלקנס — שווארצע סאָנים,
עס לייטערט זיך; עס ברעכן זיך נעקאָמע-שווערדן,
פון ווייטן גייט שוין אויף דער פרייהייטס
רויטער שטערן;
דאס גרוים ווארט צעקלינגט.
ס'וועט ווערן.

באנייטע לויפן אום און רופן:
קומט זיך פרייען !
דער שייער איז א פולער,
די פי פארטריבן אויף דער פאשע,
די רויטע פאן די פרוי און קינדער נייען,

און קיינער וועט ניט שטערן,
שטעלן אלע זיך אנידער דא פארוואונדערט אין די רייען,
ווייל ס׳גרויסעווארט צעקלינגט:
ס׳וועט ווערן.

# נאך דעם שניט

מיך נעמט ארום
סעפּטעמבער פיבער-גלי,
אויף רויטן מאָן
מיין בלוט.
אויף געלן ווייטן זוים,
די מארגנס שאטנדיק,
דיין הויך באזילבערטער
דארטן רוט.

צעשפּרייטע ווייטן,
ברוינע טישטעכער,
דאס לעצטע אויבסט
אין רויטן גלוט.
אויף שטיינגלאך זאנפּטיקע,
זיי וועלן ווארעמען
מיין בלוט.

ווי פויגל עבאס,
פון ווייטן טורמיקע,
דער וואגן סקריפּ פון אויבסט און ווייץ.

אויף טראקטן שטיינערנע,
דאס קליינע שייגעצל,
באַם צוימל פירט
פאר וועלט דאס גליק

## מיר פּראָלעטאַריער

מיר פּראָלעטאַריער די אויוונס צעהייצן
מיט אייגענעם פייער, מיט אייגענעם האַס,
עס זאָל אונזער עמעס די הייזער פאַרפּלייצן,
די אָרימע הייזער, די אַרבעטער גאַס.

מיט אונז, מיט צעקודלטע קעפּ, פרוי און קינד,
מיט פּאָנים צעקאַרבטן און עלנט אין בליק;
אַ לאָז טאָן זיך זאַלן אויף גרויסן בייז-וואונדער,
אויף היינקערס דעספּאָטן מיט מעסער און שטריק.

אַ פּאַך טאָן אַריבער די אַרגיעס צערייצטע,
אַ טראָג טאָן אין לופטן ווער ס'זיצט אויבן אָן;
אַ פּלאַקער מיט ברוסטן, ווי אויוונס צעהייצטע,
צעוויקלען די בלוטיקע אַרבעטער פאָן.

אַ וועלט צו באַפרייען — אַ סימכע אַ הייסע,
פון רויבער וואָס נאָגן דאָס בלוט טאָג ווי נאַכט;
צעצינדן די מאַסן, ווי יאַמים די גרויסע,
דערקלערן די רייכע אַ בלוטיקן שלאַכט.

# ווייזיעס

שוואַרצע ראָבן זיינען ערד באַפאַלן,
שוואַרצע כמאַרעס שפּרייטן זיך מיט צאָרן;
איז אויף ערד אונז איינגער נאָך געוואָרן,
הימל קוקט אַראָפּ מיט אויג אומקלאָרן.

גאַסן קוקן, וואַרטן אויף געוויטער,
און פון הייזער הערט מען ניט אַ פּאַרע,
בלויז דער ביימער רויש, ווי אין אַ ציטער,
רופט: „פאַר בלוטיק וואָרט מאַכט איצט אַ וואַרע."

איז דער צאַר נאָך ווייטיקער און ביטער,
דאָך פון ווייטן הערט זיך שוין אַ שאַלן,
איבער וועלטס ניט אויסגענוצטע גיטער,
טראָגן זיך שוין העפטיקע סיגנאַלן.

הימל רייסט זיך בלוטיק דורך די שפּאַרעס,
איבער וועלטס פאַרגרויטן אומדערוואַכן;
און פון ווייטן פלייצן שוין די כמאַרעס,
דורך אַ בליציק־בלוטיקן געצאַכן.

# ב י י ל ק ע

אויף די סקירדעס היי דעם גרינעם,
האט צערויטלט זיך באגינען,
אויף א סקירדע, רויט ווי פלאמען,
ביילקע קלייבט דאס היי צוזאמען.
ווינטלאך בלויע בלאזן קילע,
טראגט זי היי אויף פעסטער ווילע;
אויפן וואגן בא די זייטן,
בעטן אויס דאס היי די יאטן.

און די שווארצע פערד זיי סאפען,
מיט די שנאבלען פייגל קלאפן;
ביילקעס אויגן — שווארצער פייער,
ביילקעס באקן — רויטער שייער.
און די יאטן לאכן, שפעטן,
ווען דאס היי אויף וואגן בעטן,
ווארפט זיי ביילקע בינטלאך גרינע;
און עס רויטלט זיך באגינען.

נאך דער הימל-פארב צעפלעקטע,
און די יאטן אויפגערעגטע

שרייען: ביילקע, ביזט א מאזיק !
שרייען: ביילקע, איז א קאזאק !
און אויף סקירדעס היי דעם גרינעם,
ארבעט ביילקע פון באגינען;
און אויף וואגן, בא די זייטן,
בעטן אוים דאס היי די יאטן.

## די אָרימע גאַס

מײַן העלער פֿאַקל ברענט,
די װעגן אַלע פֿרײַ;
איך האָב דיך באַלד דערקענט,
מײַן אָנפֿאַנג װײַסער מײַ.

צעגרין, צעבלי, צעפֿלאַם,
דײַן גאַנצע פֿרייד גיס אויס;
װאָרום האָסטו געזאַמט ?
מײַן הונגער איז דאָך גרויס.

געבײנקט, געדורשט, דערשטיקט,
מײַן פּײַן אין יעדער נאַכט,
מײַן טיפֿן צאַר פֿאַרװיגט,
און האָב נאָך דיר געגאַרט.

מיט פּויק און טאַץ און פֿלייט,
מיט ליבשאַפֿט ניט מיט האַס;
דיך אויפֿנעמען איז גרייט
די אָרימע אַרבעטס-גאַס.

דער העלער פּאַקל ברענט;
דער האַראַפּאַשניק טריי;
צעוינג זיך, ניט געשעמט,
מיין לאַנג געווינשטער מאַי.

## אונטערן רויטן שאטן

מיר קינדער, ווי פארלארענע,
אין סטעפעס ווייטע פייערלאך.
מיר קינדער אָן א גאט,
מיר קינדער אָן יאנטייווים,
מיר קינדער, ווי דער שטויב,
אונטער די רייכע, בורזשואזנע פיס,
געדולדעט האבן לאנג, געליטן און געשוויגן.

אבער אצינד, ווען ס'פלאקערן די סרייפעס
ארום אונז,
און צווישן רויט און שווארץ,
איז שארפער נאך דאס מעסער.
ניט גאט גייט אונז צו הילף;
דער פעטער, רייכער גאט,
דער גאלדענער, — פאר זיי,
פאר זיי זאל ער זיך מיען.

מיר קינדער אָן א גאט,
אויף פרייער וועלטס בארוט.
אין פייערן גייען מיר אויף,
פאר נייע, פרייע וועלטן.
פון פארנט, לענינס שאטן, אין רויטן איינגעהילט,
מיליאנען גייען נאך,
מיר קינדער, נייע קינדער.

# ליכטיקע לידער

## אינהאלט:

| | |
|---|---|
| רודזשהיל פארם | 105 |
| ליד ניט געזונגענע | 107 |
| אויף א וועג | 108 |
| ישאַנסאָן | 109 |
| פרייד | 110 |
| וועג-ליד | 111 |
| עלעקטרא-פערד | 112 |
| טיפער שניי | 113 |
| אפגאט | 114 |
| פאנטאסטישע סילועטן | 115 |
| פון מיינע קראַנקע טעג | 116 |
| דער מאניוקען | 117 |
| באם יוניווערס | 118 |
| אויף גרינע סטעפעס | 119 |
| ווידערקלאנגען | 120 |
| אָווערטיורע | 121 |
| רעגונגען | 122 |
| קארמען | 123 |
| אונטער דער זון | 124 |
| אַ פונק | 125 |
| דער בעכער | 126 |
| אונטשפיל | 127 |
| ניינצן זיבן און צוואנציק | 128 |
| זייער ווייט פון דאנען | 129 |

## רודזשהיל פארם

האבן מיר זיך אויסגעזעצט גאנץ פּאָשעט אין א רעדל,
אויף דער גרינער, ווייכער מאמע ערד,
האראפּאשנע כאווערטעס און פּראָלעטארישע כאוויירים,
אונזער ווארט האט קיינער ניט געהערט.

ניט די בערג, וואס הויבן זיך אין הויכן ביז די וואָלקנס,
ניט דער טייך, וואס זילבערט זיך גאנץ שטיל,
ניט די וועלדער באהאלטענע אין שאטנס,
ניט די גרויע, אלטע וואסער-מיל.

און פארצויגן לידער אויף די וויטן,
האבן מיר דא אזוי העל און קלאר,
ניט געשולטע אלטעס און סאפּראנער,
און פארבונדן האט זיך דא א כאר.

הערצער ביינקען פיינלאכע נאך וויטן,
כאפּט זיך אויף א כאוועך און שרייט אויס אויפן קאָל:
וואס האט איר צעפּעשטשעט זיך ווי ווייבער,
זיך פארביינקט נאך שימל פון אמאָל ?

טוט א שפּיל א היימישע האַרמאַשקע,
מיט א ווילדן רוסישן פאַרנעם,
טוען זיך א הויב שוואַרץ-אויגיקע יונגע מיידלאַך,
מיט א טאַנץ און לידער מיט א ברען.

ווערט פאַרמעקט דער אָנגעווייטער טרויער,
שוועבט אַוועק די גרויקייט פון דער וואָך;
שרייען קלאַנגען איבער אַלע צווייפלען,
כאַפּט זיך אויף מיין האַרץ און לויפט זיי נאָך.

הויבן זיך די בערג נאָך העכער צו די וואָלקנס,
און דער טייך קאַכט, ווי א וואַסער-פאַל,
און די ראָד פון מיל צערוישט זיך ווילדער;
שפּאַלט די לופט דער „אינטערנאַציאָנאַל.“

## ליד ניט געזונגענע

נעם צעקלינג אויף בלויע רינגען,
צינד מיין קאפ מיט צינטער פייער;
איך וועל זיך מיט זון צעזינגען,—
כ'בין א יונגער, כ'בין א נייער.

נעם צעבלאז אויף גרינע ווינטן,
כ'וויל זיך מיטן זאנג באהעפטן,
און אויף לאנגע זילבער שרינטן,
וועל איך מעסטן מיינע קרעפטן.

נעם צעפאך מיט געל און רויטן,
מיט א שמייכל מיט א ליבן,
און צעשפיל פון הארץ אויף פלייטן,
וואס איז דארטן שטום געבליבן.

## אויף א וועג

כ'האב אויף א וועג, פילייכט,
פארגעסנדיק געלאזט אויך א פאר שפורן,
ס'האט אין שטיין מיין פוס-טראט
מיט זיכערקייט געקלאפט.

גענומען האב איך ווינט און לופט און בלויע שטיקער הימל
פאר א זעקארן.
ווי א בלינדער האט מיין בליק די שיינקייטן געטאפט.

ווי פיבער אויף א קוסט,
ווען ווינטן אים צעפלעכטן,
האט ווינטישעס געצאפלט אין מיר, אזוי געטאנצט.

פארגעסן האב איך אין גאנצן, וואס האט געטראפן נעכטן:
צוויי וועגט מיט גרינעם וואלד,
און איבער זיי מיין היינט
מיט פולן גלאנץ.

א דריינגל אויף מיין אקסל, דאס דינע העמד צעבראסטעט,
פון פארנט זשום פון בינען און א רעווע פון א באן.
און איך צווישן מיילן הויכע, ווילדע סאסנעס,
מעסט וועגן, ווי דערמונטערט, מיט פעסטן נייעם שפאן.

# שאנסאן

ארומגעפלאכטן איז באלקאן
מיט וויינריב רויטע בלומען קעפ:
„אט שטיי איך דא אויף דיינע טרעפ
און זינג פאר דיר, בלויז נאר פאר דיר,
מיין זאנפטיק, הארציקן שאנסאָן.“

אזוי זינגט יעדן טאג פאר מיר
דער ראָבין, מיט זיין רויטער ברוסט.
ער זינגט און וועקט, ווי אומבאוואוסט,
די ליידנשאפט וואס ברענט אין מיר
צום ליד, צו פעדער און פאפיר.

באגליקט ווער איך מיט שאפער פרייד,
און כ׳פייל און מעסט און שלייף און ציר;
און וואו איך טו זיך ניט א ריר,
קוועלט ליכט פון פענצטער און פון טיר,
אויף ווארט און שורע און פאפיר.

# פרייד

שפּיל אוים אויף מיינע ווינקל שויבן,
מיט בויגנס שטראַליקע און הייסע.
דער מאָרגן האָט זיך אויפגעהויבן,
אויף דינע וואָלקנס, גרינגע, ווייסע.

רייס אָפּ פון היינגל די קריסטאַלן,
צעשפּריץ זשאַסמין אויף אַלע בייטן,
פאַרטרינקען וועלן באַרג און טאָלן,
די בלאָע ציטערדיקע ווייטן.

און איך מיט דיר פון גלי-באַקאַלן,
די לעבנס פריידן וועלן טיילן,
באַ שטיקער זון מיט בינטלאַך שטראַלן,
די קאָרגע טראָפּנס גליק ניט ציילן.

## וועג-ליד

קאלטער זילבער איבער ווייטע סטעפּעס,
בלויער סאַמעט הייַנגט אויף ברייטן פעלד;
שאָטנס לויפן, ווילן מיך דעריאָגן,
ווייטע שטאָט מיט רויש האָט זיך צעהעלט.

רעדער שפּילן אויף דעם גלאַנץ פון רעלסן,
באַן צערעוועט זיך מיט ווילדער פרייד;
שטאָט גייט אויף אין ליכטיקע פאַקעלן,
איבער בערג האָט מאָרגן זיך צעשפּרייט.

האַרץ צעקלינגט מיט ציטערדיקן האַמער,
פרעמדקייט רייַצט אויף אויסגעשפּינטן בריק,
באַן לויפט שווער און קלאַפּט מיט ניט דערגרייכונג,
נעפּל-ווייס צערינט אין לופט דאָס גליק.

## עלעקטרא - פערד

איך זיץ אין קאר געשפאנט,
טרייב די עלעקטרא פערד,
ביז טונקל-ברוינעם ראנד,
צעליכטיקט ליגט די ערד.

דער קיווער בלאנקט אויף קאָפּ,
דער פלאשטש אויף אקסלען העל;
די רעדער אין גאלאפּ,
א ליד צערייסט מיין קעל.

ווער איז מיין פאסאזשיר,
וואס איז היינט אויפגעלייגט ?
צי זיצט ער ניט אין מיר
באהאלטן, ניט אנטפּלעקט ?

און שרייט ארויס און שאפט
אריבער ווייטסטן טאָל;
באגייסטערט קומט, מיט קראפט,
צוריק דאס ווידערקאָל.

איך זיץ אין קאר געשפאנט;
עס זינגט מיין פאסאזשיר,
פון דיכטערס וואונדערלאנד,—
ווי פרייד געזאנג אין מיר.

## טיפער שניי

פון ל. וו. באוומאן

דימענט שטויב,
איבער א זילבער ווייסן דעמב,
פארטוליעט טיף
מיט שנייען
די הויכע ווענט.

און דו,
א רויטער פויגל,
מיט פליגל פלאטער אט א דא,
איבער מיין זעל,
אין וועלטלאך שפעטער שאָ.

## אפגאט

צעשטויב די גרינסן פון דעם וואלד,
די ארקעס שפרייט אויס פרייער
און טיף אין הארצן זיי באהאלט,
פון זומער טעג דאס פייער.

די פארקנס פלעכט פון העלפנביין,
די סטעזשקעס שפרייט מיט העלן;
און וואו דיין שיינער פוס וועט שטיין,
מיין רעגונג וועט ניט פעלן.

צעווארף דיין שלאַנגישן זיגזאג,
ביז טאל, דעם וויטן, שטילן,
וואו גלי-ווערים, ווי פייערווארג,
באם טאַנץ אויף דאפאדילן.

אליין באהאלט זיך אין א סוד,
מיין נייגער זאל אליץ שטייגן;
איך וועל דיך קרוינען פאר מיין גאט,
דו שמייכלענדיק וועסט שווייגן.

# פֿאַנטאַסטישע סילועטן

שטעקלאַך הענט און גריבלאַך אויגן,
פּיס ווי דריינגלאַך, העלזער דינע,
און עס כאַרכלט מיר צוקאַפּנס,
ווי דער רעגן פֿון דער רינע.

מיילער, לעבער, אַקסל ציטער,
שויבן שפּיגלען שוואַרצע ברעגן,
און זיי קומען גאַנצע מאַכנעס
סילועטן מיר אַנטקעגן.

וועלט פֿאַנטאַסטיש-שויב מיט פֿלאַמען,
קוק איך לאַנג מיט דורשט אין האַרצן;
איבער מיר האָט נאַכט צעציטערט,
אויסגעשפּרייט א שפּרוך א שוואַרצן.

## פון מיינע קראנקע טעג

דער פרילינג האט א קלאפּ געטאן אין טיר,
א שמעק געטאָן דורך פענצטער האט מיט בעזש,
צולאַכט האט זיך דער הימל איבער מיר,
דער טאג האט זיך פארפּוצט מיט ווייסע וועש.

אין הארצן האָט בא מיר זיך ווילד צערוישט
א יאם, וואָס האָט געגליווערט אַזוי לאנג.
געקלאפּט האָט ווער מיט ק'פּער-רויטן פויסט
איבער מיין בלוט מיט גלוטיקן פארלאנג.

פארסאַמט פון פרילינגס קאָכעדיקן קאָס,
באַרוישט פון דעם צערייצטן נאַכטיגאַל,
געלאָפן בין איך קראַנק פאַרביי דיין הויז,
און דורשטיק האָב געזוכט דיין קילן קוואל.

# דער מאניוקען

אין ווינקל נאקעט קערפערלאך,
די היפטן דינע, ברוסטן קליין,
די דראפערי אראפגעלאזט,
דער מאניוקען דארט שטייט אליין.

נאך לאנגן טאג אין רייכן פוץ
פאר דאמען-קליידער אויסגעשטעלט;
איצט אויסגעטאן, באדויערט שטיל
דער מאניוקען זיין אייגענע וועלט.

ארום איז טונקל אויסגעהוילט,
פארלאשן ס'לעצטע ליכט אין רער,
בלויז גייסטער שארן זיך ארום
און מאכן דאס געמיט נאך שווער.

און מאניוקען מיט האס אין ברוסט.
וואלט זי געהאט א צונג אין מויל,
דער גאנצער וועלט וואלט זי אנטפלעקט,
פון דאמען סאד דעם טיפסטן גרויל.

## באם יוניווערז

אויף ווייטע באזילבערטע הויכן,
ווי ווייסע סטאטועס די קעפּ.
וואו אויג קאן דיין גרויסקייט ניט גרייכן,
אין אייביקן שווינדל פון טרעפּ.

ווען נייגער צערינט אין דיין פלאקער,
און סוידעס ווי פעלזיקע ווענט;
סייכל איז מיד פון דעם אקער,
שוואך, ניט באריבאר די הענט.

בליציק דער אויפגאנג אויף וועלטן,
מארגן אויף ערד זיך צעשפּילט;
נישטיק בא דיינע געצעלטן,
שטיי איך און גאף, ווי א מילב.

## אויף גרינע סטעפּעס

אויף גרינעם ברייטן סטעפּ
צעהוליע זיך, ווער אינגער.
די שווערע לאסט פון שטאט
טו אויס און מאך זיך גרינגער.

צעברעך דעם שווערן יאך,
וואס דריקט, ווי אייזן פּרענטעס;
מיט ווילדקייט טרינק זיך אן,
צערייס די איינגע פּענטעס.

אויף גרינעם, ברייטן סטעפּ,
וואו זון גיסט אויס איר פייער;
אין פרייקייט פון גענוס,
א מענטש ווערסטו א נייער.

# ווידערקלאנגען

הערסטו דעם רוף פון זילבערנע טרומפייטן ?
ס'איז ניט קיין רוף צום שווערד אדער צום שלאכט,
עס האט אויף פעלדער גרינע, ווייט צעשפרייטע,
מיין יונגער כאַלעם ווידער אויפגעוואכט.

הערסטו פון עכאס דעם אפקלאנג וואס צעפאלן
פון גרויען פעלז, וואס קוקט ארויף און גאפט ?
און בא די קנעכלען זילבער וואסער פאלן;
דאס רוישט אין מיר צוריק מיין יונגע קראפט.

הערסטו דאס ליד צוריק, ווען שניטער קומען
און רויטע זון קושט היים דעם האריזאנט ?
דאס וועבט מיין הארץ פאר דיר די ווילדע בלומען,
זיי זיינען ווילד, דאך העכסט אינטערעסאנט.

# אווערטיורע

דער מארגן בייט שוין זיין מארשרוט
און וועגן שניידט ער אומבאמערקט;
אויף הויכע פּלעצער ווייזט זיך שטאט,
און ליכטלאך שטארבן אין די בערג.

מעס-לעס האט לאנג זיך אויסגעהויכט,
די לופט איז ריין אוןווארט אויף וואָרט.
אין רינגען וויקלט זיך דער רויך,
דאס בלויע וואסער רוישט און קאכט.

אויף מיזראך ברענט מיזבייאך רויט,
הוסארן ווי אויף זילבער פערד,
מיט שארפע שפּיזן זיינען גרייט
זיך לאזן אויף דער גרינער ערד.

# רעגנדגען

צו דעם יונגן בלי אויף בייטן
קומט מיין גרויסע פרייד צו רייטן,
זאמלט טויען, זאמלט שפיגל,
זאמלט פּאַך פון ווייסע פליגל.

אויף די לאנקעס גרינע וויטן,
קומט מיין הייסער דראנג צו רייטן;
זאמלט סאמעט, זאמלט פלאמען,
ציטערט אויף מיט זון צוזאמען.

ווען די וואלקנס זיידנס שפרייטן,
קומט מיין זעל מיט דורשט צו רייטן;
וואקסט און וואקסט פון ווילדן גאפן
און באזינגט דאס וואונדער שאפן.

# קארמען

רויט צעצינדט זיך דער באגינען,
כ׳קאן מיין הייסן דראנג ניט צאמען,
ס׳האבן אויפגעטוכט געפילן,
זינג פארטאג מיט מיר צוזאמען !

קארמען טאנצט פלינק אויף דעם טישל,
קלאפט און פייקלט שוין צום רומל,
רייצט זי מיך מיט טויזנט כיינען,
קוש איך צאפלדיק איר בלימל.

ברומט אין רויט-גלאדיאטאר.
ווער איך אייפערזיכטיק, (שרעקלאך),
רייס איך אויף דאס שארפע מעסער,
קארמען לאכט מיט טויזנט גלעקלאך.

ס׳איז דיין פויגעלע דיך הארציק,
נעם צוקוש איר יעדן אייווער;
זי וועט לאזן זיך אומארמען,
ווייל זי ליבט דיך ביז דעם קייווער.

ס׳לאכט זיך קארמען הויך פאנאנדער,
כ׳לויף און וויל זי ניט פארלירן;
פאלט דער פארהאנג פון באגינען,
ווייך ווי זיידענע פארטירן.

# אונטער דער זון

איך האב פון אזוי פיל פעגימער געזען,
וואס צייט און נויט און פרייד
האט אויסגעקריצט.
און איבער אלע איין הימל מיט איין זון,
וואס טוט א שפריץ מיט ליכט.
און אלע אויגן ווערן לויטער פייער,
אויף אלע ליפן שמייכלען,
אויף אלע הויטן פרייד.
די שווארצע זארג
גראבט איין דעם קאפ אין אירע פליגל און שווייגט,
און גרויע וואלקנס שמעלצן זיך אין ליכט.
אין ליבשאפט הויבט זיך אויף,
פארגעבונג פלאטערט,
און מענטש דערקאנט דעם מענטשן.
דער שאפער טוט א גלעט און נאך א פענזל-פיר,
קעדיי דאס לעבן פולער מאכן;
די גאנצע וועלט זינגט דאן א לויב,
א לויב געזאנג צום אפגאט פייער-זון,—
די גרויסע ראד וואס פלאמט
און גיסט דאס ליכט און פרייד און היילונג,
פון פרייהייט, ארבעט און קאלעקטיוו.

# א פונק

ניט גרויס,
ניט שטארק,
אבער געהייליקט
און געהיט, ווי דער שווארצאפל.
כווישעך איז ניט שווארץ מיט אים,
טרויער איז ניט טרויער מיט אים,
און שטרויכלונג א פארגעבונג בלויז.
א פונק,
א קליינער פונק אין גרויען אש,
באהאלטן ליגט און ווארעמט.
א קוק מיט ריינקייט, ווי א קינד,
און זינד.
איך גיי מיט אים אין ווייטסטן וועג;
זיין הייליק ליכט אויף אלע מיינע טעג.
ער הייליקט און דערווארעמט.
ווער ווייסט,
צי האסט עס טרייסט,
צי אפטעמיזם
און עפשערביידע ניט,
ער איז אבער שטארקער
פון די דערפארונגען אין לעבן;
אין מיטן קאלטער וועלט
א ליכטיקער לאמטערן.

# דער בעכער

יהואָש'ין

פון דיין בעכער ווייך
האב איך פארזוכט,
און גרינג איז מיר געווארן.

אויפגעגאנגען אויף מיין ארימען בייט,
אזוי פיל פרישע ווייץ,
מיט גרין און גאלדענעם קארן.

איז מיר געווען אזוי גוט,
אין רעגנבויגן פון דיינע טרייסט-קאלירן,
דאך האט געפאכט אזוי מיין הארץ.

א ריז אין מיטן בליען,
דיך זאָל איך ניט פאַרלירן.

## אוונט שפּיל

פידלער, שפּילט באַנאַכט,
איך לייג מיין העפט אוועק;
פידל שפּילט
און וועקט.

קומען וואַסער-ליליעס
און בויגן אויס די קעפּ,
און פלעכטן זיך ווי דינע טענער
פון דעם ניגון.

פליסט דורך א שמאָלער שטראָם,
א זילבער שנירל;
און בלויע נאַכט
שליסט אויף א קליינטשיק טירל
און וואַרפט אַראָפּ
א פינקעלדיקן שטערן.

פרעסט זיך אַזוי מיין האַרץ,
שאַ, פריידנס טרערן.
דריי טענער
אין די נעשאָמעס בלינדע פאַלדן,
אומרואיקע האָבן זיך באַהאַלטן.

## ניינצן זיבן און צוואנציק

פונקען קליינע — פייערדיקע ווערים,
שפרינגען אויף פון אונטנס טיפע פאלדן,
זומער שפרייט אויס גרינע, ווייכע קישנס,
צווישן שאטנס ווערסטו מיך באהאלטן.

נאכט צעריננט דורך בלעטערדיקע צווייגן,
דארעם טראגט לעוואנע רויט פארבלוטיקט;
דורשטיק ציען זיך צו רוים קאשטאנען,
כוואליען-שפיל אין ברייטן לייך איז גלוטיק.

נעם פארקריץ אויף טאוול מיין נעשאמע,
נאכט און קוסטעס, בלעטער אזוי גלאנציק;
מיין זעקארן וועט אייך ניט פארמעקן,
זומער נעכט פון ניינצן זיבן און צוואנציק.

# זייער ווייט פון דאנען

Bien loin d'ici

שארל באדלער

דער קאסטן אין קאמער וואס שטייט,
אין אים ליגט דאס מיידל שוין גרייט,
די הענט אויפן בוזים פארשפרייט.

זי ליגט, ווי זי הערט זיך נאך איין
צום הארציקן, ווייטן געוויין,
וואס פליסט אין דעם רויש פון באסיין.

ס'איז רואיק דאראטעיעס איינג הויז
און זי הערט ווי ווינטן דארט בלויז,
וואס רופן זיך איבער גאנץ לינד,
ווי דאס ליד צו פארוויגן א קינד.

פון פיס אזוי ווייך ביז די הענט,
זאלבט ווער נאך איר הויט ווייס-געבלענדט,
און מיט פארפיום פון די מירטן געשאָמע-ריין,
וואס שטארבן אין ווינקל געהיים.

# געמישטע לידער

## אינהאלט:


| | |
|---|---|
| אין מיין סטודיע | 135 |
| אין שיינק | 136 |
| אנטרע | 137 |
| טינטער טינט | 138 |
| שטויב | 139 |
| שארפע קאסעס | 140 |
| אפגעזונדערט | 141 |
| די שטראף | 142 |
| צווישן פיר ווענט | 143 |
| אלטערטום | 144 |
| נאך דער הוליאנקע | 145 |
| דער סקעלעט | 146 |

## אין מיין סטודיע

צוויי בענדער אויף מיין טישל,
באדלעדס די „פלער דע מאל;“
אויף טעצל אש א ביסל,
אויף העפט א בלאסער שטראל.

א ביסן ברויט פארבליבן,
א האלבע גלאז מיט טיי,
א שורע אויפגעשריבן,
דאך שארף איז נאך מיין וויי.

באם טיר מיין גראבער שטעקן,
א לײלאך אויף מיין בעט;
אויף פענצטער — גרויע שרעקן,
אויפן וואנט היינגט מיין סקעלעט.

א פליג זשומט אויס אקארדן,
באם שווארצן, קאלטן גלאנץ;
דאס ליד איז בלויז פון מארדן,
אין טאנץ פון טויטן-טאנץ.

איך בין אין זיך געשרומפן,
די צייט שפרייט פליגל שווארץ,
און שפילט ווי מיט א דומפן
אינסטרומענט אויף מיין הארץ.

# אין שיינק

כ'האב נעכטן זיך פארשיקערט שפעט,
פון פראסטע הארפאשנע רייד,
אין שיינק באַ גלעזער ביר.

א פונק האט אומגעטאנצט אויף גלאז,
און ער — מיט רויט צעפלאמטער נאז,
געפלאפלט האט צו מיר.

דער בלויער רויך אין ראד צעגייט,
אין הארצן צאפלט זיך א פרייד,
עס בינדט זיך אויף די צונג.

אין מויאך טוט עפעס א בים,
א קלאפ א האסטיקער אין טיש
און אויף די פיס א שפרונג: —

פארדאמטע וועלט אין איינגן שרויף,
ווי לאנג וועט זיין מיין בלוט פארקויפט
צו אייער בייזער מאכט ?

ער זיצט אנטקעגן קאפ אויף קני
און פלוצלונג טוט ער זיך א צי
און האט זיך ווילד צולאכט . . .

# אנטרעי

קומט אריין, די טירן זיינען אָפן,
דאָס לעמפּל ברענט איבער מיין טונקלעם טיש.
אויף טישל טינט און שאַרפע, דינע פעדער,
און אויף דער וואַנט אַ נאַקעטער פאָרטרעט.

זעצט זיך. איך האָב קיין ווייכע שטולן ניט,
און די ווענט זיי זיינען אויסגעפּלעקט.
מיין הארץ איז ריין, איך קאָן דאָס אייך פאַרטרויען;
ווער ס׳קומט אריין, מוז ווערן אנגעשטעקט.

אט צינד איך אָן, דער פלאַם ווערט העלער, שאַרפער
א סקרייפּע. ס׳ברענט מיין אויג און מויל;
עס ברענען ווערטער, שורעס, גאַנצע בלעטער,
מיר ווערן געטער און ברענען אין איין קויל.

# טינטער טינט

אין טינטער טינט,
אזוי פיל אייז און פייער.
דיין שטילער פיר
פארברענט מיין הארץ.—
אמאל צעשיטן זיך,
ווי קילע קושן,
אין גליווערן מיין מארך.

אין טינטער טינט,
אזוי פיל סוידעס.
דו ביזט מיין פרייד;
און רויטער קאכט דאס בלוט:
אט קריכן שלאנגען פון מיין זעלע,
און גיפטיק בייסן זיך אין איינענעם לייב.
אָ, טינטער טינט,
דו ביזט דער שווארצער יאם.
וואו פערל ליגן,
אויף דיינע גרונטן,
און שטערן שפיגלען זיך
אויף דיינע פלאכן,
טינטער טינט.

# ש ט ו י ב

שפרייט זיך אונטער קישן,
גרינגע, ווייכע רו;
איך בין שוין צווישן
נאכט-ליכט מער ניטא.

ווייט ווי ווער צעשאטן
טענער האט באם ראנד;
שפילט א שארף אויף מאטן,
האלז מיט גרינגער האנט.

נעם מיך;— איך ווער גרינגער
און אט בין ניטא,
ווייל אויף דיינע פינגער,
בלייכט מיין לעצטע שאָ.

# שאַרפֿע קאַסעס

איבער פֿעלדער ווייצענע, שאַרפֿער, גרינגער שניט,
און מיט הויך פֿאַרפֿלייצענדן שמעקט דער ווייסער בליט;
זאַנגען שווערע. וואַגיקע, בויגן זיך מיט זעט,
טויען גלאַנץ פֿאַרטאַגיקע פֿינקלען נאָך ביז שפּעט.

קאַסעס שאַרפֿע בליציקע פֿאַכען פֿול מיט ברויז;
ס'איז דער שניט א היציקער; און די פֿרייד איז גרויס.
אויפֿן פֿעלד געראַטענעם, פֿאַלט דער זאַנג באַם וועג,
פֿאַלן אויך פֿאַרשניטענע, קאַרגע שניטערס טעג.

ס'איז די מי א מוטיקע, פֿולט זיך אויס די ברוסט,
איז דער טאָג א בלוטיקער, רוישט אין האַרץ די לוסט;
שאַרפֿע קאָסעס בליציקע, זאַנגען-פֿאַל באַם שניט,
אין דעם שניט דעם היציקן, וואַקסט און שפּראָצט און בליט.

## אפגעזונדערט

פארזיגלט איז מיין טיר,
און ווייט פון דיין געהער;
דו פרעגסט זיך ניט אויף מיר,
דארום איז אזוי שווער.

צעעפן איך געהיים
מיין האַרץ, מיט שאַרפן שניט, —
נאָר דו האָסט ניט דערזען,
וואָס האָט זיך דאָרט צעבליט.

האָב איך זיך ווען באַקלאָגט,
איך האב זיך בלויז פארוויגט;
און האב איך ניט דערזאגט,
איז דאך דייך ווי אין מיט.

## די שטראָף

האָב איך זיך אנגערירט אין וואָרט,
צעפֿאַלן איז דאָס ווי די שערבלאַך;
און ווי מיט אָפּיום פֿול מיין גוף,
געקלונגען האָט עס מיר אומשטערבלאַך.

צי וואָס האָב איך די האַרטע שוועל
געדאַרפֿט פֿאַר נייגער גאָר באַרירן,
אַז ווייטיק, ווי אַ קראַנקע גיפֿט,
שפּרייט טויט פֿון אַלע זיינע טירן.

איצט טראָג איך זיך מיט וואָרט אַרום,
צעבראָכן, קראַנק, ווי אַלע שערבלאַך;
מעפֿיסטאָ לאַכט אויף יעדן ראָג,
די עכאָ קלינגט מיר אָפּ אומשטערבלאַך.

## צווישן פיר ווענט

ס׳וועט קיינער ניט וויסן,
זאל קיינער ניט וויסן,
וואס טארטשעסטו טיף, אזוי טיף מיין געוויסן.

ס׳וועט קיינער ניט הערן,
זאל קיינער ניט הערן,
מיין הארץ ניט באקלאג זיך; ס׳וועט גרינגער ניט ווערן.

ס׳וועט קיינער ניט פילן,
זאל קיינער ניט פילן.
אליין וועל איך אויסגיין אין א ווינקל א שטילן.

# אלטערטום

ווי דער אינוואליד, וואָס לעבן האָט אויף וועג פארגעסן,
און אלטער טאָפּ, וואָס וואלגערט זיך אין מיסט,
צי ווייסער בעטלער אויף א שטיין פארזעסן,
זיצסטו אזוי מיין אלטערטום פארוויסט.

א קלויסטערל, א שולכל, קונסט, ארכעקטורן,
מיט שימל גרין אויף שויבן און אויף ווענט;
די פארמעט בלעטער פון יעוואנגליום, פון ספאָרים,
זיי האָבן לאנג, ווי קנויטן, אויסגעברענט.

דאָס גרויע אַש נאך שומרים א פּאָר היטן,
דער ארבעלאג פארצייכנט, מעסט און ציילט;
דער טויטער בוים ער גיט שוין מער קיין בליטן,
דאָס אלטערטום עס האָט זיך אָפּגעשטעלט.

פון ווייטע צייטן הערט זיך בלויז א רוישן,
א ווידערקאָל אויף לעבנס-יאם דעם גרויסן.

# נאך דער הוליאנקע

באם טיש איז קיינער, בלויז די לערע גלעזער,
דער רויש פון נאכט הוליאנקע איז שוין אוים.
צעטראטן ליגט אויף דיל א בלאסע רויז,
און ס'קלאפט פון וואנט דער זייגער מיט א בייזער.

די לופט איז פול מיט וויין און רויך און לידער,
די פוסטע פלעשער ליגן אויף דעם דיל;
נאר שאטנס שארן זיך ארום נאך שטיל,
אין ווינקל שטייט דער גראמאפאן א מידער.

די שווארצע נאכט קוקט שטום אויף אלע שויבן,
פון רייכן זאל, וואס איז געבליבן פוסט,
אזוי ווי נאך פון פריער האט זי געוואוסט
די סוידעס פון הוליאנקע און באטויבונג.

דער שלאפצימער האלב אפן איז אין גרינעם,
עס הערט זיך ניט דאס אויסגעשריי פון געסט.
פארזויפן ליגט דאס רייכע פאר, שלאפט פעסט —
דער ווינט צעפאכט די זיידענע גארדינען.

# דער סקעלעט

עס אַרט מיך ניט דיין שטאנד און ווער דו ביסט,
מיט נאכטישע וויזיעס ביין געדענקטע,
דו שטייסט אזוי און לאכסט מיט שארפן בים,
מיט ביינערדיקער נאקעטקייט אנטפלעקטער.

דיין ברוסטקאסטן איז אפן פאר דער וועלט,
די קנאכן זיינען גרייט פאר אלע וועגן;
און פון דיין בוזעם בלאזט א שארפע קעלט,
דער שארבן פוסט איז פון דעם גרויס פארמעגן.

איך ריר די ביינדלאַך און פון דיינע הענט,
זיי דארפן גאר ניט און קאנען גאר ניט געבן,
דיין אויגן-לאָך ער ווערט מער ניט פארבלענדט,
דו לאכסט זיך אויס פון מיר און פון מיין לעבן.

איך הער נאר אין דעם שארך דיינעם „שטודיר."
פון מיינע ביינער און פון מיינע קנאכן;
עס ווינט עפעס א געהיימניש אין מיר,
דיין לעבן האט אין מיטן זיך צעבראכן.

פון זעלבן אויטאר:

די שטאל

אלעגארישער איינאקטער

אין געראנגל

לידער

פענטעס

לידער